א. סמירנאָוו

# דער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס און די קינדער פונ די ארבעטנדיקע

ייִדיש—ד. מארשאק

מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד
נאצסעקטער ● מינסק ● 1933

רעדאקטער—מ. דובראָוויצקי
ליטקאָרעקטור—האָדער
טעכרעדאקטער—קארפינאָוויטש

אָפּגעגעבן אין דרוקעריי—דעם 21/XI 32 י.
אונטערגעשריבן צום דרוק—דעם 10/I 33 י.
אויסגעזעצט פון גרינהויז בריגאדע א.ג. מאָלאָטאָוו
פאראנט. קאָרעקטער פון דרוקעריי—שטריקמאן

דרוקעריי א. נ. סטאלין
באשטעלונג 820.
טיראזש 2000
גלאווליט 1131.

# הונגער און נויט האָבנ אריַינגענומענ אינ זייערע מערדערישע נעגל מיליאָנענ קינדער.

די גאנצע שארפקייַט פונ די סאָציאַלע פאָלגנ פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס האָט זיכ באזונדערס שרעקלעכ אָפּגערופנ אפ דער לאגע פונ די מיליאָניקע מאסנ קינדער פונ די ארבעטנדיקע סיַי פונ די קאפיטאליסטישע לענדער און סיַי פונ די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע מעלוכעס. אינ פארגלייַכ מיט די פריערדיקע יאָרנ האָט זיכ אינ 1932־טנ יאָר די לאגע פונ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע זייער שטארק פארערגערט און איז געוואָרנ מאמעש אומדערטרעגלעכ.

נאָכ אינ אָנהייב פונ דער אנטוויקלונג פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס האָט דער כאווער סטאלינ אינעמ פאָליטישנ באריכט פונעמ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) אפנ XVI פארטיי־צוזאמענפאָר אָנגעוויזנ:

„די ווידערשפרוכנ צווישנ דער בורזשואזיע און פראָלעטאריאט אינ די קאפיטאליסטישע לענדער האָבנ זיכ אנטפלעקט און פארשארפט... דער קריזיס האָט שוינ באוויזנ ארויסצורופנ א נייַע כוואליע פונ קאפיטאליסטישער ראציאָ־נאליזאציע, א נייַע פארערגערונג פונ דער לאגע פונעמ ארבעטער־קלאס, א וווּקס פונ ארבעטלאָזיקייַט, א פארגרעסערונג פונ דער שטענדיקער ארמיי ארבעטלאָזיקע, א פארקלענערונג פונעמ ארבעטלוינ”.

דער מארקסיסטיש־לענינישער אנאליז פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס, וואָס דער כאווער סטאלינ האָט געגעבנ, האָט זיכ אינגאנצנ און פולשטענדיק באשטעטיקט.

שפּעטער האָט דער XI פלענומ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אזוי כאראק־טעריזירט די פארטיפערונג פונעמ קריזיס:

„בא הייַנטיקנ טאָג פארטיפערט זיכ דער קריזיס. דאָס דריקט זיכ אויס: א) אינ דער נאָכאנאנדיקער פארקירצונג פונ דער פראָדוקציע; ב) אינ דער שארפער פארשמעלערונג פונעמ געברויכ און פונעמ אינערלעכנ מארק אינ רעזולטאט פונ דער פאראָרעמונג פונ די ברייטסטע פאָלק־מאסנ; ג) אינ דער קאָלאָסאלער פארקירצונג פונעמ אויסערלעכנ האנדל”.

און בא הייַנטיקנ טאָג (אָנהייב 1932־טנ יאָר) פארברייטערט און פארטיפערט זיכ דער אלגעמיינער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס אלצ ווייַטער און ווייַטער.

דאָס דריקט זיכ אויס אינעם באַנקראָט פונ דער קרעדיט־סיסטעם און געלט־וואַליוטע־סיסטעם פונ א ריי גרעסטע אימפּעריאַליסטישע לענדער, וועלכע האָבנ א לאַנגע צייַט אויסגעהאַלטנ די קלעפּ פונעמ קריזיס. אינ רעזולטאט פונעמ קאָלאָסאַלנ וווּקס פונ דער אַרבעטלאָזיקייַט, ברענגט די „פּראַוודא" אינעם נומער, וואָס איז געווידמעט דעמ XIV יאָרטאָג פונעמ אָקטיאַבער, פאָלגנדיקע ציפער וועגנ דער אַרבעטלאָזיקייט:

| | | |
|---|---|---|
| צאָפנ־אַמעריקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטנ . | 12.000.000 | אַרבעטלאָזיקע |
| דייַטשלאַנד . . . . . . . | 5.160.000 | „ |
| ענגלאַנד . . . . . . . | 2.800.000 | „ |
| לאַט. אַמעריקע . . . . . | 4.800.000 | „ |
| איטאַליע (סענט.) . . . . . | 747.000 | „ |
| יאַפּאַניע . . . . . . . | 2.000.000 | „ |
| פראַנקרייַכ . . . . . . . | 1.100.000 | „ |
| פּוילנ . . . . . . . | 1.100.000 | „ |

די צאָל אַרבעטלאָזיקע וואַקסט שנעל. אינ דעמ קאָניונקטור־איבערזיכט פונעמ אינסטיטוט פונ אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט און אַלוועלטלעכער פּאָליטיק פונ דער קאָמאַקאַדעמיע, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרנ אינ יאַנוואַר 1932 יאָר צו דער XVII פאַרטקאָנפערענצ, זייַנענ אָנגעוויזנ נייַע ציפער. אַזוי איז אינ די פאַרייניקטע שטאַטנ די צאָל אַרבעטלאָזיקע פאַר דריי־פיר כאָדאָשימ אויסגעוואַקסנ פונ 12 מיליאָנ ביז 14 מיליאָנ. אינ דייַטשלאַנד פאַר דערזעלביקער צייַט—פונ 5,1 מיליאָנ ביז 6 מיליאָנ. אויכ אינ די אַנדערע לענדער איז פאַראַנ א פאַרגרעסערונג פונ דער צאָל אַרבעטלאָזיקע.

אַרומ און אַרומ זייַנענ אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער (ניט רעכענענדיק די קאָלאָניעס) פאַראַנ בעערעכ אַריבער 45.000.000 אַרבעטלאָזיקע (אינ דער צאָל גייענ ניט אַרייַנ די האַלב־אַרבעטלאָזיקע, וואָס אַרבעטנ ניט קיינ גאַנצע וואָכ). אַזאַ קאָלאָסאַלע אַרבעטלאָזיקייַט באַטייַט, אַז אַריבער הונדערט מיליאָנ מענטשנ (די אַרבעט־לאָזיקע מיט זייערע געזינדנ) האָבנ פאַקטיש ניט קיינ מיטלענ צומ לעבנ.

גלייַכצייַטיק מיטנ וווּקס פונ דער אַרבעטלאָזיקייַט פאַרווירקלעכט די בורזשואַזיע אַלצ שטאַרקער און שטאַרקער אַנ אומגעהויערנ דרוק אפנ אַרבעטער־קלאַס. בייַשפּילנ פונ דעמדאָזיקנ דרוק קאָנ מענ זענ אינעמ אַרויסגעבנ א סעריע אויסערגעוויינלעכע געזעצנ, אינ דער נאָכאַנאַנדיקער פאַרקירצונג פונעמ אַרבעטלוינ, אינ אָפּנעמענ בא הונדערטער טויזנטער אַרבעטלאָזיקע דאָס רעכט צו באַקומענ די גראָשענע שטיצע און אינ טיילווייַז און פולשטענדיקנ אָפּשאַפנ די סאָציאַלע פאַרזיכערונג א. א. וו.

דעמ נייַעמ דרוק פונ דער בורזשואַזיע אפנ אַרבעטער־קלאַס פילנ באַזונדערס שטאַרק די קינדער פונ די אַרבעטער.

אינ נאָמענ פונ ראַטעווענ דעמ קאַפּיטאַליזמ זייַנענ מיליאָנענ קינדער פונ די אַרבעטנדיקע אונטערגעוואָרפנ אַנ אומדערהערטער עקספּלואַטאַציע און גייַסטיקער אונטערדריקונג.

הינטער די גרענעצנ פונעמ סאָוועטנ־לאַנד, דאָרטנ, אינ דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווו די עלעוואַטערנ ברעכנ זיכ פונ ווייצ, ווו די מעקאָכימ פונ ברויט זייַנענ שטאַרק געפאַלנ, ווו די לאָקאָמאָטיווו ווערנ געהייצט מיט טווועע, ווו עס ווערנ פאַר־ניכטעט אומגעהויערע ברויט־רעזערוונ—דאָרטנ הונגערנ מיליאָנענ אַרבעטנדיקע און

זייערע קינדער. אָט דאָס זײַנענ די אומדערלייזבארע ווידערשפרוכנ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, דאָס זײַנענ די אקשאָנעסדיקע פאקטנ, וואָס דעקנ אופ דעמ כאאָס פונ דער באנקראָטירטער סיסטעמ פונעמ פוילנדיקנ קאפיטאליזמ. די בורזשואזיע, וועלכע שפאָרט ניט קיינ טינט, קיינ פארבנ, קיינ פאטאָס אונ קיינ מיטלענ אפ באשרײַבנ די „שוידערלעכע לאגע פונ די אומגליקלעכע קינדער אינעמ סאָוועטנלאנד", האָט זייער פײַנט צו ריידנ אונ דערציילנ אינ דער פרעסע וועגנ די ליידנ פונ די מיליאָנענ הונגעריקע אונ עקספלואטירטע קינדער פונ די קאפיטאליסטישע אונ קאָלאָניאלע לענדער. בלויז ווענ ניט ווענ ווארפט זיכ דורכ אינ א בורזשואזער, סאָציאל־פאשיסטישער צײַטונג א נאָטיצ, וואָס דערציילט א וועלכנ עס איז קאָנקרעטנ פאקט פונ דער שווערער לאגע פונ די ארבעטער־קינדער, וואָס די בורזשואזע פרעסע איז שוינ ניט אימשטאנד אימ צו פארבאהאלטנ. ס'פארשטייט זיכ, אז די־דאָזיקע נאָטיצנ אונ פארצייכענונגענ, וואָס זײַנענ דאָסראָוו אָנגעשריבנ דורכ פארקויפטע בורזשואזע זשורנאליסטנ, קאָנענ ניט אויסמאָלנ קיינ ריכטיקנ בילד פונעמ לעבנ פונ די קינדער אינ די קאפיטאליסטישע לענדער.

בלויז די אלוועלטלעכע קאָמוניסטישע פרעסע אליינ דעקט אופ די עמעסע לאגע פונ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע, מאָביליזירט די מאסנ צומ קאמפ פאר פארבעסערנ דאָס לעבנ פונעמ פראָלעטארישנ קינד אונ דעקט אופ די שענדלעכע פרווונ פונ דער בורזשואזיע צו פארדעקנ די פאקטנ פונ אונטערדריקנ אונ עקספלואטירנ די קינדער פונ די ארבעטער אונ פויערימ.

אינ דעמ רײַכסטנ אונ „פרײַסטנ" לאנד אינ דער וועלט, אינעמ היימלאנד פונ דעמ בילבולימ־מײַסטער—דעמ טרויעריק בארימטנ מיסטער פיש, שטארבנ ארבעטערשע קינדער פאר הונגער. אָט זײַנענ עטלעכע שוידערלעכע פאקטנ.

דער קאָרעספאָנדענט פונעמ בורזשואזנ וואָכנבלאט „נ יי ש ע נ" באשרײַבט די לאגע אינעמ רײַאָנ ראָבינע מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„פאר יעדנ פונ די טויזנטער פונקטנ פונ „רויטנ קרייצ" שטעלנ זיכ אויס אָפגעריסענע קינדער, בלאָע פונ קעלט אונ צעכוישעכטע פונ ניטדערעסנ, וועלכע בעטנ עפעס אָנצוטאָנ; אויסגעמאטערטע מענער מיט גרויסע געזינדנ, וואָס ווארטנ אפ זייער ריי צו באקומענ א טאלאָנ, וועלכער זאָל זיי באזאָרגנ אפ א וואָכ צײַט מיט א פאיאָק; אומגליקלעכע מוטערס, וואָס בעטנ, מע זאָל העלפנ זייערע קינדער, וועלכע גייענ אויס פונ שלעכטער דערנערונג!..".

עפשער איז אזא לאגע בלויז אינ דעמ איינ שטאט פונ אומגערעטענישנ אינ דעמדאָזיקנ „גליקלעכנ לאנד פונעמ געלנ טײַוול" (פונעמ גאָלד), ווי מאקסימ גאָרקי האָט מיט אסאכ יאָרנ צוריק אָנגערופנ די פאראייניקטע שטאטנ? אָבער ניינ, פונ אלע שטאטנ פונ דאָרעמ, צאָפנ, צאָפנ־מיזרעכ אונ מײַרעוו ווערט מיטגעטיילט וועגנ ענלעכע פאלנ.

דער דײַטשישער זשורנאל „ט א ג ע ב ו כ" דרוקט איינצלנע ארטיקלענ, וואָס מאָלנ דערשיטערנדיקע בילדער וועגנ דעמ הונגער פונ די אמעריקאנישע ארבעטלאָזיקע:

„אָט איז א געזינד פונ אנ ארבעטלאָזנ אינעמ העכסט רײַכנ אינדוסטריעלנ אונ לאנדווירטשאפטלעכנ שטאט מינעזאָט. דער פאָטער זוכט ארבעט אינ

א מעשעכ פונ זיבנ כאדאָשימ. קיינ ארבעט האָט ער ניט געפונענ. דאָס געזינד האָט אלצ אויספארקויפט. די מוטער אונ די דרײַ קליינע קינדער האָבנ אופ־געגעסנ דעמ הונט—דעמ אלטנ ליבלינג פונ דעמ געזינד...״

די אמעריקאנישע בורזשואזיע פראוועט עקאָנאָמיע אפנ כעשבנ פונ די פראָלע־טארישע קינדער. די שטאָטישע זעלבסטפארוואלטונג פונעמ ריזיקנ אינדוסטריעלנ צענטער פונ די פאראייניקטע שטאטנ—פונ פיטסבורג—האָט דאָ ניט לאנג אָפּגעוואָגט אינ מיטלענ זיבנ בורזשואזע אָרגאניזאציעס, וואָס פלעגנ געבנ א ברעקל אונטער־שטיצונג די פראָלעטארישע קינדער. אינטערעסאנט איז, אז בעראָש פונ דער שטאָ־טישער זעלבסטפארוואלטונג פונ פיטסבורג שטייט דער פינאנצ־מיניסטער מעלאָנ. ער איז איינער פונ די צוועלפ סאמע רייכסטע קאפיטאליסטנ פונ דער וועלט. מעלאָנ האָט באשלאָסנ „איינצושפּאָרנ״ די 3000 דאָלער, וועלכע פלעגנ אוועקגיינ אפ דער טאָגטעגלעכער שטיצע פאר $47\frac{1}{2}$ טויזנט קינדער.

די הונגערנדיקע קינדער קרענקענ זייער אסאכ. אינ דער שטאָט סענ־לוי איז דאָ ניט לאנג דורכגעפירט געוואָרנ אנ אויספאָרשונג פונ די קינדער לויט די שולנ. די קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעפאָרשט די שולנ, האָט אופגעדעקט דעמ שרעקלעכנ צושטאנד פונ די קינדער פונ דער אָרעמקייט.

בלויז אינ דרײַ שולנ האָט מענ געפונענ 400 קינדער, וועלכע דערעסנ ניט טאָגטעגלעכ.

די ארבעטלאָזע טאטעס אָדער די, וואָס ווערנ שלעכט באצאָלט, קאָנענ ניט אָנקאָרמענענ די קינדער צו זאט.

דער גרעסטער טייל הונגערנדיקע קינדער איז קראנק אפ טובערקוליאָז. די צאָל טובערקוליאָזע קינדער וואקסט פונ יאָר צו יאָר.

די איידעלינקע אמעריקאנער האָבנ דאָ ניט לאנג געפרווט דאָס אָפּלייקענענ. אזוי לעמאָשל, די צײַטונג „ניו־יאָרק טיימס״, אינ אנ ארטיקל פונ דער רעדאקציע, וואָס באריִרט דעמ פּאָרטראג פונעמ כאווער מאָלאָטאָוו אפנ VI צוזא־מענפאָר פונ די סאָוועטנ, ווו ער האָט צווישנ אנדערע דערמאָנט וועגנ דעמ הונגער־טויט פונ די ארבעטלאָזיקע אינ אמעריקע, „לייקנט״ קאטעגאָריש אָפּ:

„אינ קיינ איינציקנ פונ די מײַרעוו־שטאטנ דערפירט די ארבעטלאָזיקײַט ניט צו הונגער אָדער צומ פעלנ פונ דירע אונ קליידונג״.

אונ · דיזעלביקע צײַטונג „ניו־יאָרק טיימס״ האָט דאָכ בעסאכאקל מיט פינפ טעג צוריק איידערנ ציטירטנ רעדאקציע־ארטיקל אָפּגעדרוקט די רעדע פונעמ סענאטאָר טאָמאס, וועלכער האָט זיכ אפ דער טריבונע פונ סענאט מוידע געווענ, אז:

„אינ דעמ לאנד פונ מילכ אונ האָניק, ווו די שפּײַכלערס זײַנענ אָנגע־שטאָפּט מיט דערנערונג־פּראָדוקטנ, הונגערנ מענטשנ; אינעמ לאנד, וואָס אירע מאגאזינענ נעמענ קוימ ארײַנ אינ זיכ די סכוירע־רעזערוונ, גייענ מענטשנ אומ הוילע״.

דער אמעריקאנישער „טיימס״ לײַגט, ווענ ער זאָגט, אז אינ די מײַרעוודיקע שטאטנ איז ניטאָ קיינ הונגער. א באווײַז אפ דעמ זײַנענ די קארטלעכ פונ די טויט־

פאלנ אינעמ דעפארטאמענט פאר געזונט־פארהיטונג: „מיל טאונשינ — די סיבע פונ טויט: הונגער; קאנטי טובקארט — מאנגל פונ דערנערונג”. דאָס זײַנענ ביידע — קינדער.





בילדער 1, 2. די וווינונגענ פונ די ארבעטלאָזיקע, וועמענ די קאפיטאליסטנ האָבנ ארויסגעוואָרפנ פונ זייערע דירעס.

זײַנענ דענ בלויז דידאָזיקע צוויי פאקטנ אליינ ניט גענוג אפ צו באשולדיקנ דעמ רעדאקטער פונ „ניו־יאָרק טיימס”, די גאנצע קאפיטאליסטישע פרעסע, די גאנצע קאפיטאליסטישע וועלט אינ א פרעכנ, אומפארשעמטנ ליגנ, דורכ וועלכנ

זיי סטאַרען זיך צו פאַרבאַהאַלטן די העסלעכקייט פון זייער סיסטעם, דער סיסטעם פון צוואַנג, פּיין און הונגער־טויט פאַר די אַרבעטנדיקע?

דער אַמעריקאַנישער פּיאָנער ר. נאָראָוויטש פון שטאַט קאָנעקטיקוט האָט צוגעשיקט צו די סאָוועטישע פּיאָנערן אַזאַ בריוו!

„טײַערע כאַווײרים!

אין דער שטאַט טעפּטוויל איז די לאַגע פון די אַרבעטער אַ שרעקלעכע. די אַרבעטער אַרבעטן בלויז צוויי טעג אין וואָך, און אַסאַך פון זיי — נאָך ווייניקער. פאַר די צוויי טעג אַרבעט קומט אויס צו באַקומען גראָשנס, אָבער דער באַלעבאָס רעכנט נאָך אַראָפּ פון די סכירעס פאַר דער דירע און פאַר עלעקטרישער באַלײַכטונג; אַזוי־אַרום באַקומט דער אַרבעטער שוין גאָרניט.

הײַנטיקע וואָך איז בײַ אונדז אין שול איינע אַ מיידעלע געפאַלן אין כאַלאָשעס. ווען מע האָט זי אָפּגעמינטערט, האָט די לערערקע זי געגומען אויספרעגן און זיך דערוווּסט, אַז דאָס מיידעלע עסט אָנבײַסן בלויז איין מאָל אין עטלעכע טעג, מאַכמעס דער פאָטער איז אַרבעטלאָז, און עס איז ניטאָ פאַר וואָס צו קויפן ברויט“.

אין דער אַמעריקאַנישער קאָמוניסטישער, קאָמיוגישער און פּיאָנערישער פּרעסע קאָן מען געפינען אָן אַ סאַך מאַטעריאַלן וועגן דעם הונגער און נויט פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע.

אין דער צײַטונג פון די אַרבעטער־פּויערישע קינדער „יאַנג פּיאָניר“ איז וועגן דערדאָזיקער פראַגע געוועז אָפּגעדרוקט אַ לייטאַרטיקל. מאַכמעס דעם, וואָס עס איז אַזוי אינטערעסאַנט, ברענגען מיר אים אינגאַנצן:

„יעדן אָוונט און יעדן פרימאָרגן, אין גוט־רעגן און אין דורכנעמענדיקער קעלט, קומען אַרבעטערשע קינדער אין דער „רעטונג־אַרמיי“ אָפּ דער 3־טער אַוועניו, אין ניו־יאָרק, נאָך ברויט.

אין ריי שטייען טויזנטער קינדער.

די קינדער קומען אַהער צו גיין גאַנץ פרי, איידערן אַוועקגיין אין שול, און שטייען אָפּ דרויסן אין קעלט לעבן דער „רעטונג־אַרמיי“.

אַ גרויסער מענטש מיט אַ גומענעם שטעקן האַלט אײַן די אָרדענונג אין דער ריי. אַנומלטן איז אַ קליין ייִנגל אַרויס אָפּ אַ רעגע פון דער ריי. האָט זיך דער מענטש אָפּ אים אַ וואָרף געטאָן און אים מיטן שטעקן אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז יענער איז געפאַלן אין כאַלאָשעס. דאָס טרעפט זיך ניט זעלטן.

— פאַרוואָס גייט איר אַהער אין דער ריי נאָך ברויט? — האָט מען אַ פרעג געטאָן בײַ קליינעם יאַטל פון אַ יאָר עלף, אין צעריסענע בעגאָדים.

— די מוטער שיקט מיך. מיר האָבן ניט וואָס צו עסן.

— פאַרוואָס? האָט דען דײַן פאָטער קיין געלט ניט?

— מײַן פאָטער האָט שוין בײַ אַ יאָר צײַט קיין אַרבעט ניט, ער האָט ניט קיין געלט. מיר האָבן אַפילע ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער דירע. דער באַלעבאָס זאָגט, אַז ער וועט אונדז אַרויסוואַרפן, אויב מיר וועלן אינגיכן ניט באַצאָלן.

פונקט אזוי גײען אויך די אַנדערע קינדער. זײערע פּאָטערס גײען אויך אום אָן אַרבעט. גאַנצענע טעג גײען די פּאָטערס אום זוכן אַרבעט. אומעטום אײן ענטפער:
— ניטאָ קײן אַרבעט!
אין דער שול נומ. 55 אין ברוקלין זײַנען אין אײן טאָג צען קינדער געפאַלן אין כאַלאַשעס פון הונגער..."

דאָ ניט לאַנג זײַנען אין אײנעם שטעטל אַרקאַנזאַס 5 טויזנט באַוואָפנטע פּערמער אַרײַן אין שטאָט, שרײַענדיק:
— גיט אונדז ברויט פאַר אונדזערע קינדער!
הונגער, קראַנקײַטן, פיזישע אויסצערונג, אָפּוועזנקײַט פון קלײדונג און שוכוואַרג — אָט מיט וואָס די קינדער פון דער "גרויסער דעמאָקראַטישער אַמעריקע" באַקאָנען זיך אין די פרײַע טעג פון זײערע "גאָלדענע קינדער־יאָרן".
ווי גרויס איז דער פאַרנעם פונעם הונגער? דאָס קאָן קײנער פּינקטלעך ניט זאָגן. דער אַמעריקאַנישער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט העטשינסאָן דערציילט, אַז עס "דערעסן ניט" 6 מיליאָן קינדער. דער "רויטער קרײַץ" — אַ בורזשואַזע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע — דערציילט מיט שרעק אין זײַן אויפרוף אין דעמזעלביקן "באַרימטן" "ניו־יאָרק־טײַמס" וועגן 10 מיליאָן קינדער, וואָס "דערעסן ניט". וואָס איז דער כילוק צווישן "ניטדערעסנדיקע" און הונגעריקע קינדער — דאָס איז אַ גוואַלדאָווענער סאָד, וועלכער איז באַוווּסט בלויז דעם הער העטשינסאָן און די ביזנעסלײַט פונעם "רויטן קרײַץ". לויט אונדזער טיפסטער איבערצײַגונג איז אַזאַ כילעק גאָר ניטאָ, מאַכמעס ריידן רעדט זיך דאָך טאַקע וועגן הונגעריקע קינדער.
אַזאַ איז די לאַגע פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע אין די צאָפן־אַמעריקאַנישע פאַרײניקטע שטאַטן.
נאָך שווערער איז די לאַגע פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע אין די קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע לענדער. דער אײגענער קאָרעספּאָנדענט פון "פּראַוודאַ" אין שאַנכײַ שרײַבט, אַז אין כינע הונגערן אַריבער 30 מיליאָן מענטשן. ער ברענגט פאָלגנדיקע דעטאַלן:

"די אַסאָציאַציע אַפּ שטיצן די באַדערפטיקע אין דער פּראָווינץ שענסי (אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די אימפּעריאַליסטן, בורזשואַזיע און גוטבאַזיצער אויסשליסלעך צוליב דעם, קעדײ אָפּצונאַרן די מאַסן) טײלט מיט שוידערלעכע יעדיעס וועגן דער לאַגע אין דער פּראָווינץ שענסי.
50 טויזנט מענטשן זײַנען אומגעקומען אין מעיסיען; אין וווקאַנסיען, וווּ עס זײַנען געווען 20 טויזנט אײַנוווינער, זײַנען דרײַ פערטל פון זײ אויסגעשטאָרבן. אין סיאַן באַמערקט זיך אויך אַ קאָלאָסאַלע שטערבלעכקײַט. אין אַלגעמײן זײַנען געשטאָרבן 3 מיליאָן מענטשן, צווישן וועלכע עס איז פאַראַן אַסאַך קינדער. אומעטום וואַלגערן זיך ניט קײן באַגראָבענע טויטע קערפּערס. שענסי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קעניגרײַך פון טויט. די צאָל הונגערנדיקע, וואָס האַלטן שוין ערעוו דעם טויט, שטײַגט אַריבער 7 מיליאָן".

„טשײַנאַ־טײמס״ מעלדעט:

„אין קענסו זײַנען אומגעקומען אריבער 4 מיליאָן מענטשן פון הונגער״.

אײנער פון די מיטגלידער פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָמיסיע אפ צו שטיצן די הונגערנדיקע אין כינע האָט דאָ ניט לאנג דערקלערט אין טיאנצזין:

„די הונגערנדיקע אין קענסו זײַנען אפ אזוי פיל אָפּגעשוואכט, אז זײ האָבן אָנגעהויבן קריכן אפ אלע פיר; זײ זײַנען שוין אינגאנצן ניט ענלעך מער אפ קײן מענטשן״.

ניט געקוקט אפ דער אומגעהויערער צאָל הונגערנדיקע און דער קאָלאָסאלער שטערבלעכקײַט פון דער באפעלקערונג, האָבן די גאָמינדאנישע מיניסטאָרן צונויפגענומען די ערד־שטײַערן אפ אסאך יאָרן פאָרויס. אין שענסי האָט מען אופגעמאָנט די שטײַערן סאמע ביזן 1937־טן יאָר, און אין שעטשוען—אפילע ביזן יאָר 1945. די הונגערנדיקע פויערים פארקויפן זײערע לעצטע בעבעכעס און ווערן ענדגילטיק רויִנירט.

אָנהײבן הויבט אָן דער פויער פון פארקויפן זײַנע לאנדווירטשאפטלעכע מאַכשירים, און דערנאָך דערגײט די רײ צו זײַנע קינדער. דאָס פארקויפן די קינדער פאר קנעכט האָט אָנגענומען אן אויסשליסלעך גרויסן פארנעם, באזונדערס אין דער פראָווינץ שענסי. הונדערטער טויזנטער קינדער ווערן אפ די ספעציעלע מערק פארקויפט אין פרײַען עלטער דורך די רויִנירטע פויערים. די פראָווינציעלע רעגירונג האָט ארופגעלײגט באזונדערע שטײַערן אפן פארקויף פון קינדער און האָט שוין באוויזן צו באקומען האכנאָסע ארום 3—2 מיליאָן כינעזישע דאָלארן פון דידאָזיקע שענדלעכע מיסכאָרים.

אין הארבסט 1931 האָט כינע געטראָפן א נײַער סטיכײַישער אומגליק—אן אומגעווײנלעך שטארקע פאנאנדערגיסונג פון די טײַכן. אין דער פראָווינץ כובײ זײַנען די איריגאציע־אײַנריכטונגען, וועלכע די גאָמינדאנישע מיליטאריסטן און העגקערס פון דער כינעזישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג האָבן פאקטיש ניט אונטערגעהאלטן, קימאט פולשטענדיק רויִנירט געוואָרן. דער פארנעם פון די אומגליקן, וואָס דאָס האָט אָנגעמאכט דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג (ס׳פארשטײט זיך, אין דער צאָל אויך די קינדער,) זײַנען אפילע לויט די פאריקלענערטע ציפער פונעם גאטשאלניק פון דער פינאנץ־ביוראָ פון דער כינעזישער רעגירונג אומגעהויער גרויס. אָט וואָס דערדאָזיקער כינעזישער סאטראפ האָט דערקלערט:

„פון די 68 קרײַזן פון דער פראָווינץ כובײ געפינען זיך די 45 אמערסטן באפעלקערטע און רײַכע קרײַזן אונטער וואסער. ניט ווײניקער פון 10 מיליאָן מענטשן פון דער פראָווינץ זײַנען געבליבן לאכלוטן אָן א דאך אפן קאָפּ, אָן קלײדונג און אָן שפּײַז. ארום 10 טויזנט זײַנען שוין געשטאָרבן פון הונגער. אזא גרויסן פארנעם פון די פארפלײצונגען האָט כינע ניט געזען שוין אן ערעך 500 יאָר. די לאגע איז איצט באדײַטנדיק ערגער, אײדער עס ווערט פאָרגעשטעלט אין דער אָפיציעלער פרעסע. אין רעזולטאט פון די פארפלײצונגען קאָן מען דערווארטן די גרעסטע סאָציאלע דערשיטערונגען אין גאנצ

כינע, אין כוביי, כונאן, צזיאנסי, אַנכועי איז פאראן ניט ווייניקער פון 25 מיליאָן מענטשן, פאר וועלכע עס איז פאראן בלויז צוויי וועגן — אָדער הונגער־טויט, אָדער א סאָציאַלע איבערקערעניש".

די ריַיטער־אגענטור טיילט מיט פון כאנקאָו, אז די צאָל אנטלאָפענע פון די ריַיאָנען, וואָס האָבן געליטן פון דער פארפלייצונג, פארגרעסערט זיך. טאָגטעגלעך קומען אום טויזנטער מענטשן פון דער פארפלייצונג. און ניט געקוקט אפ דעם טוען גאָרניט די מאכט און די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס.

כוץ דער אָרגאניזאציע פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־הילף, וועלכע האָט לויט אירע מעגלעכקייטן געגעבן פראָלעטארישע הילף די ארבעטנדיקע כינעזישע פויערים פון די פארפלייצטע קריַיזן, האָט קיינער די געליטענע ניט געהאָלפן, און די כינעזישע בורזשואזיע האָט זיך געפרווט בלויז פארנעמען מיט ספעקולירן מיטן אמעריקאנער ווייץ אפן כעשבן פון די אומקומענדיקע. אזא איז די בורזשואזע מאָראל אין איר גאנצער העסלעכער נאקעטקייט.

אָבער ניט נאָר אין די פאריייניקטע שטאטן פון צאָפן־אמעריקע און אין כינע שטארבן קינדער פאר הונגער און געפינען זיך אין אזא שרעקלעכער לאגע.

די ענגלישע פאטריאָטן באזינגען די וווּנדערבאר־לעגענדארע אינדיע מיט אירע אומבאגרענעצטע מעגלעכקייטן און רוישטאָפ־רעזערוון, ווי א ליכטיקן שטערן אין דער קרוין פון דער גרויסבריטאנישער אימפעריע. אָבער אדאנק דער רויבערישער הערשאפט פון די „ציוויליזירטע" קאָלאָניזאטערן, ווערט דער גלאנץ פונעם העלליַיכטנדיקן שטערן פארטונקלט. די פארפיַיניקטע אינדיע איז ניט געווען בעקויעך אויסצוהאלטן אפילע די ערשטע קלעפ פונעם עקאָנאָמישן קריזיס. די ווערטלאָז געוואָרענע רופיע (אינדישע מאטבייע), דער וווּקס פון ארבעטלאָזיקייט, די רויִנירונג פונעם ווייניק־ערדיקן פויערטום, די טיילוויַיזע אומגערעטענישן האָבן דערפירט דאָס לאנד צו הונגער (כאָטש עס איז גאָרניט שווער צוצופירן דעם נייטיקן סכום ברויט).

אָט זיַינען אייניקע פאקטן.

דער אָרגאן פונעם נאציאָנאלן קאָנגרעס אין קאלקוטע „ל י ב ע ר ט י" דרוקט דעם באריכט פון זיַין ספעציעלן קאָרעספאָנדענט, וואָס האָט באזוכט א ריי דערפער אינעם קריַיז ראדזשיַי, פראָווינץ בענגאליע:

„איך האָב אליין געזען די ליַידן פון די פויערים. מענטשן האָבן זיך פארוואנדלט אין סקעלעטן צוליבן סיסטעמאטישן הונגער. אין יעדן הויז האָב איך געזען שטארבנדיקע קינדער און געהערט דאָס געוויין פון די פרויען. אָבער קיינער איז זיי ניט געקומען צו הילף. אסאך פארקויפן זייערע קינדער".

ניט בעסער איז די לאגע אין א ריי אנדערע קריַיזן פון דערזעלביקער פראָווינץ בענגעליע דעם קריַיז ראמטורגאט שריַיבט די ציַיטונג:

„דער פריַיז פון רייַז איז אומגעוויינלעך קליין, אָבער די פויערים האָבן ניט ניט קיין ריַיז און ניט קיין געלט אפ צו קויפן. זיי קאָנען ניט באקומען קיין שום האלוואָע אפילע אפ די גרעסטע פראָצענטן, מאכמעס די גיריקע גוטבאַזיצער און די פראָצענטניקעס באנוצן זיך מיטן צופאל, קעדיי אָפצונעמען בא די פויערים — ארענדאטערן זייער האָב און גוטס".

די צײַטונג „באָמבײ קראָניקל“ טײלט מיט װעגן דער לאַגע אינעם קרײַז באַבנע, אין בענגאַליע:

„98 פּראָצענט אײַנװױנער פונעם קרײַז זײַנען פּױערים, װאָס האָבן ניט ניט קײן געלט און ניט קײן שפּײַז. טאָגטעגלעך שטאַרבט פון עפּידעמישע קראַנקײַטן א גװאַלדיקע צאָל קינדער און דערװאַקסענע, מאַכמעס די פּױערים שפּײַזן זיך מיט ניט קײן עסבאַרע בלעטער פון בײמער. גאַנצע אָפּט קומען פּאָר פאַלן פון זעלבסטמאָרד צוליב הונגער. די פּױערים האָבן אָנגעװאָרן אַלץ, אפילו די שטובי־קע קײלים און קלײדער, און האָבן זיך פאַרװאַנדלט אין הײמלאָזע בעטלער. אין אַזא צושטאַנד ראַנגלען זיך די פּױערים מיטן טױט שױן אין א מעשעך פון 7—8 כאָדאָשים. דער הונגער מאַכט דידאָזיקע מענטשן מעשוגע“.

אזױנע בילדער זײַנען כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר בענגאַליע, נאָר אױך פאַר א רײ אַנדערע פּראָװינצן. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט ענדגילטיק צעשטערט די לאַנדװירטשאַפט פון אינדיע, דערפירנדיק צו א פיזישער פאַרניכטונג אַן אומגעהױערע צאָל פּױערים. דער קריזיס שאָנעװעט אױך ניט, פאַרשטײט זיך, דעם אונטערװאַקסנדיקן דאָר—די קינדער.

דאָס אױסשטאַרבן פון די קינדער, פון די פּױערים אין אינדיע איז די בעסטע איליוסטראַציע צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער גרױסבריטאַנישער הערשאַפט איבערן דאָזיקן רײַכסטן לאַנד פון דער װעלט.

צוליבן עקאָנאָמישן קריזיס הונגערן די קינדער ניט נאָר אין אַמעריקע און אין די קאָלאָניעס.

אין דײַטשלאַנד, אשטײגער, אין טורינגען, אין דער שטאָט זאָנענבערג — דעם הײמלאַנד פון דער שפּילצײַג־אינדוסטריע, הונגערן אַסאַך קינדער פון אַרבעטנדיקע. די געשריבענע שול־צײַטונג פון די דײַטשישע פּיאָנערן „ראָטעס קינדער־עכאָ“ האָט אָפּגעדרוקט א נאָטיץ, װאָס באַשרײַבט אײנעם פון טױזנטער אזױנע צופאַלן. מיר ברענגען אינגאַנצן דידאָזיקע נאָטיץ פונעם באַװוסטן דײַטשישן קינדקאָר. די נאָטיץ רופט זיך אָן:

„פון נעכטן אינדערפרי אָן האָב איך נאָך גאָרנישט ניט געגעסן“.

„שװערע קאַרבן שלעפּן קלײנע ייִנגלעך און מײדלעך אױף די שפּילצײַג־פאַבריקן.

דער נאָכאַיבערדיקער רעגן שמײַסט ראַעשדיק די הײַזער און די מענטשן. א ייִנגל פון 11 יאָר, א פאַרמאַטערטער, א קרענקלעכער, אין צעריסענע הױזן, גײט באָרװעס פון װאָקזאַל מיט א קאָרב אױפן אַקסל. ער קרעכצט פון דער שװערער לאַסט. דער װינט װאָיעט. טרערן פון שרעק שטײען אין זײַנע גרױסע, ברײט צעעפנטע אױגן. ער שטעלט זיך אָפּ. װאַקלט זיך. גיט א געשרײ. דער ייִנגל פאַלט, און אױף אים פאַלט אַראָפּ דער שװערער קאָרב. די שפּיל־זאַכן—פערדעלעך אױף קלײנינקע רעדעלעך—ליגן אױפן ברוק. די מענטשן גײען פאַרבײַ, ניט אָפּשטעלנדיק זיך. עטלעכע אַרבעטער לױפן צו און הײבן

אוף דעם יינגל. ער קומט צו זיך. ווייגענדיק שטייט ער לעבן דעם גרויסן קאַרב.

— פון נעכטן אינדערפרי אָן האָב איך נאָך גאָרנישט ניט געגעסן... דער פאָטער איז דערהארגעט געוואָרן אפ דער מילכאָמע... די מוטער (דער יינגל וויינט אפן קאָל) איז זייער קראנק. איך האָב נאָך זעקס ברידער און שוועסטער. איך בין דער סאמע עלטסטער. און אָט (ער ווײַזט אפן קאָרב) דאָס איז אונדזער ארבעט פאר די לעצטע צוויי וואָכן...״

אזוי ארבעטן די קינדער אינעם „הערלעכן״ לאנד טירינגען, אין וועמעס וועלדער עס רוען טויזנטער גווירים־קאפיטאליסטן. די גווירים לעבן אין פּרעכטיקע ווילייעס, און דערבײַ, אין כאלופּעס — די ארבעטערשע געזינדן, ווו עס ווערן ביז לעצט עקספּלואטירט קליינע קינדער אין שווערער האָרעוואניע, וואָס איז ניט נאָך זייערע קויכעס נאָך.

די אלדײַטשישע רעגירונג האָט ביסלעכווײַז צוגעגרייט דעם באָדן און די געזעלשאפטלעכע מיינונג אפ אָפּשאפן די אומזיסטע אָנבײַסנס אין שול פאר די קינדער פון אָרעמע עלטערן.

אין אָנהייב זײַנען געקומען פאראָרדענונגען אין איינצלנע פּראָווינצן. אשטייגער אין מאנהיים האָט די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואלטונג באשלאָסן צו פארקלענערן די הייסע אָנבײַסנס אין די שולן און פארן גרעסטן טייל ארבעטער־קינדער די אָנבײַסנס אינגאנצן אָפּשאפן. ביז איצט פלעגן די עלטערן, וואָס האָבן ארבעט, צאָלן פאר די אָנבײַסנס אין שול 20 פעניג, און די קינדער פון די ארבעטלאָזיקע זײַנען באפרײַט פון צאָלן פאר די אָנבײַסנס. הײַנט אָבער מוזן אלע ארבעטערשע קינדער צאָלן צו 50 פעניג א וואָך, און די פּאָרציעס פון די אָנבײַסנס זײַנען באַדײַטנדיק פארקלענערט.

אינעם רור־געביט זײַנען אויך אָפּגעשאפט געוואָרן די אומזיסטע אָנבײַסנס פאר די שילער. די שילער האָבן פּארשטרײַקט. 4000 שול־קינדער האָבן זיך געהאלטן שטאנדהאפטיק, געשטיצט פון דער קאָמפּארטיי מיטן קאָמיוג און פון די רעוואָלוציאָנערע עלטערן. צײַטווײַליק האָט מען די אָנבײַסנס איבערגעלאָזן — די שטרײַקער האָבן געזיגט.

אָבער צום ווינטער פונעם יאָר 1931־32 האָט מען אין אסאך שולן אין דײַטשלאנד דורך אויסעראָרדנטלעכע דעקרעטן די אומזיסטע אָנבײַסנס ענדגילטיק אָפּגעשאפט. הונדערטער טויזנטער שול־קינדער קומען אין שול הונגעריקע און זײַנען געצוונגען צו קומען אהיים פון שול, ניט האָבנדיק גאָרנישט ניט געגעסן.

דער דײַטשישער קאָמוניסט פרידריך וואָלף, וואָס איז באוווסט צוליב זײַן קאַמפּאניע קעגן דעם 218־טן ארטיקל (דער ארטיקל פונעם דײַטשישן קרימינאל־קאָדעקס, וואָס פארווערט / אבאָרטן) שרײַבט אין זײַן סקיצע אינעם סאָוועטישן זשורנאל „ז א ר ו ־ ב ע ז ש אָ ם״:

„באזוכנדיק די ארבעטער־באראקן פון די „קאָלאָניעס״ אין רור, בין איך געוואָרן א פארטרייסלטער, דערזעענדיק די אויסגעמאָגערטע קינדער. ווי אפ א דאָקטער האָבן זיי אפ מיר געמאכט דעם סאמע אָפּענונגלאָזן אײַנדרוק: מיט

די גראָ־בלייכע פּנעמער, דינינקע הענטעלעכ אונ קרומע, ראַכיטישע פיסלעכ, האָבנ זיי אויסגעזענ ערגער, איידער די קינדער פונ דער צייַט פונ דער מילכאָמע־בלאָקאַדע פונ די יאָרנ 1917—1916. דאָס שרייַבנ אונטער אויכ די בורזשואַזע דאָקטוירים, צום בייַשפּיל, דער דאָקטער בוטערוויזער, א ספּעציאַליסט אַפ קינדער־קראַנקייַטנ, שרייַבט אַזוי:

„די מוטערס דערקלערנ, אַז די קינדער פאָדערנ פונ זיי מער שפּייַז, איידער זיי זייַנענ אימשטאַנד צו געבנ. אַפילע סוכאַרעס זייַנענ פאַראַנ קאַרג. דידאָזיקע שיכטנ פונ דער באַפעלקערונג לעבנ איצט אינ דיזעלביקע באַדינגונגענ, וועלכע האָבנ זיכ געשאַפנ אינ סאָפ פונ דער מילכאָמע״.

מיט דעם אונטערשייד וועלנ מיר צוגעבנ, אַז אינ דעם פאָרשטייענדיקנ ווינטער וועלנ דער דאַלעס אונ דער קריזיס זיכ נאָכ מער פאַרשטאַרקנ. איינער א שול־לערער פונ דעמדאָזיקנ רייַאָנ האָט מיר דערציילט, אַז א העלפט פונ זייַנע שילער האָבנ ניט קיינ אונטערשטע העמדלעכ אונ באַקומענ ניט אינדערהיימ קיינ אָנבייַסנ. דער פּראָפעסער גאוּנ איז געווענ געצוווּנגענ מוידע צו זייַנ, אַז אינ דער קינדער־אָפּטיילונג פונ זייַנ קליניק קומענ אָנ קינדער מיט א גייַס־טיקער דערשיטערונג אונ וועלכע האָבנ זיכ געפּרוּווט נעמענ דאָס לעבנ... זיי זייַנענ דערפירט געוואָרנ צו דעם צוליב דער פאַרלענגערטער אַרבעטלאָזיקייַט פונ זייערע עלטערנ. פּראָפעסער פרידבערגער, דער דירעקטער פונעם וויסנ־שאַפטלעכ־פאָרשערישנ אינסטיטוט פונ היגיִענע אינ בערלינ, קאָנסטאַטירט אויכ א שרעקלעכנ „ניטדערעסנ״ פונ די קינדער אונ רעקאָמענדירט זיכ ניט צו לאָזנ פאַרפירנ דורכנ אויסערלעכנ גוטנ צושטאַנד אינ הינזיכט פונ סאָציאַלער היגיִענע.

צו דעם בלייַבט בלויז צוצוגעבנ, אַז לויט די פאַרקלענערטע ציפער פונ דער דייַטשישער בורזשואַזער פּרעסע איז אינ „די שולנ פונ די אַרבעטער־רייַאָנענ פונ בערלינ א געזונט קינד—אַנ אויסנאַם־פאַל. אַרום 10% פונ אַלע קינדער פונ דידאָזיקע שולנ לייַדנ אַפ שאַרפער בלוט־אָרעמקייַט, ראַכיט א.א.וו. אַרום 5 % זייַנענ קראַנק אַפ טובערקוליאָז, איבער 15 % — אַפ אַנדערע קראַנקייַטנ פונ די עטעמונג־וועגנ. העכער 30 % לייַדנ פונ פאַרשיידענע ביינ־ אונ געלענקענ־קראַנקייַטנ״. [1]

דער קאַמפּ־אָרגאַנ פונ די דייַטשישע פּיִאָנערנ „די טראָמעל״, וועמעס נאָיאַבער־נומער עס איז לויטנ באַפעל פונעמ שעפ פונ דער בערלינער פּאָליציי קאָנפיסקירט געוואָרנ פאַר אַנ אופרופ צו די שול־שטרייַקנ, דערציילט:

„47 % פונ אַלע בערלינער שול־קינדער האָבנ ניט קיינ בעטנ, 8000 קינדער פאַרדינענ זיכ זייער לעבנמיטל דורכ אַרבעט אינ די טראַקטירנ, פילנ אויס פאַרשיידענע אופטראַגנ אונ אַרבעטנ טיילווייַז אַפ פאַבריקנ. זיי אַרבעטנ 3-6 שאָ נאָכ די פאַרנעמונגענ אינ שול, געוויינלעכ אַלס קוריערנ, צייַטונג־פאַרקויפער,

[1]) די ציפער זייַנענ גענומענ פונ דער דייַטשישער בראָשור „די קינדער פונ די אַרבעטער״ („ווי עס לעבנ די קינדער פונ די אַרבעטער אינ דייַטשלאַנד״) אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרלאַג בערלינ 1931.

אפ די קינאָ־אונטערנעמונגען און אין אנדערע ערטער. די שווערע לעבנ־באַדינגונגען צעשטערן אפ אזוי פיל דעם אָרגאניזם פון די קינדער, אז לויט די ציפער פון דער מעדיצינישער אויספאָרשונג זיינען קימאט א זעקסטכיילעך שול־קינדער פון די בערלינער געמיינדע־שולן דעפעקטיווע. 30% קינדער דערעסן ניט כראָניש. 50 טויזנט קינדער גייען טאָג־טעגלעך אוועק אין שול אָן אָנבייסן".

אפילע אין אזוינע לענדער, ווי שוועדן, נאָרוועגיע, דענעמארק, פראנקרייך, האָלאנד און שווייץ פירן די קינדער פון די ארבעטלאָזע א צאָרעדיק לעבן און הונגערן. די בורזשואזע שווייצארישע „נייע ציריכער צייטונג" האָט אָפגעדרוקט אזא קאָרעספּאָנדענץ.



בילד 3. הונגעריק און קאלט.

„אין דער געגנט פון אפּענצעלערלענד,— שרייבט דער בורזשואזער קאָרעספאָנדענט,— האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אפ אזא געזינד, וועלכע ציילט אָן 6 קינדער. אין דער וווינונג פון דערדאָזיקער געזינד הערשט א מוירעדיקע אָרעמקייט. שוין לאנג האָבן זיך אויסגענומענ אלע פארדינסטן. די כוואַליעס וואקסן. די קינדער הונגערן".

„אונדזער מיטארבעטער,— שרייבט ווייטער די צייטונג,— האָט באזוכט איין פאמיליע, ווו עס זיינען פאראן פינף קינדער. דער פאָטער איז געשטאָרבן. די זין, אין עלטער פון 16 ביז 23 יאָר, זיינען ארבעטלאָז. איז ווער דערנערט די פאמיליע? די איינציקע ארבעטערן איז—א 14-יאָריקע מיידל. זי ארבעט אפ א פאבריק און באקומט ארום 6 רובל א וואָך".

אזוינע פאלן באגעגנט מען נאָכאנאנד. מיליאָנען קינדער, וואָס הונגערן סיסטעמאטיש, און קינדער, וואָס שטארבן פאר הונגער, לייגן אוועק אפ דער גאנצער סיסטעם פון פוילנדיקן קאפיטאליזם א פארברעכער־שטעמפל, וואָס איז ניט אָפצו־

וואשן. דער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס האָט נאָך מער אנטבלויזט די גאנצע העסלעכקייט פון דער קאפיטאליסטישער סיסטעם.

דאָס אויסגיין פון ארבעטערשע קינדער פון הונגער בייס די שפייכלערס און מאגאזינען זיינען איבערגעפולט מיט דערנערונג־פּראָדוקטן, וואָס פוילן גאנצע אָפּט און ווערן אומישנע פארניכטעט — איז דאָס דען ניט דער בעסטער באווייז פונעם באנקראָט פון דער קאפיטאליסטישער סיסטעם?

אפּן באָדן פון הונגער און אָרעמקייט מערן זיך די קראנקייטן און עס פארגרעסערט זיך די שטערבלעכקייט פון די קינדער.

אין דער שוועדישער פּיאָנערישער צייטונג „יונגער כאווער" זיינען נאָך אין 1930־טן יאָר פּובליקירט געוואָרן גאנצע אינטערעסאנטע ציפער, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון דער אָפיציעלער סטאטיסטיק וועגן דעם געזונט פון די קינדער אין שוועדן. אן ארטיקל „שרעקנדיקע פאקטן פונעם קולטורעלן שוועדן" טיילט מיט:



בילד 5. וווינונג פון אן ארבעטלאָזיקן.

„31.500 קינדער פון ארבעטער באקומען אויסגעבויגענע פלייצעס. דידאָזיקעווירקלעכקייט שרעקט שטענדיק מער פון אלץ יענץ, וועלכע ווילן אָפּלייקענען די פאקטן. דער דאָקטער לענגרען שרייבט, אז פון די 63.000, וואָס זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן, האָבן 30% א קנאפּע וואָג, ד. ה. זיי האָבן ווייניקער, איידער די נאָרמאלע וואָג. 30% — דאָס איז 18.500 ארבעטערשע קינדער. פארקריפּלונגען, אין גרעסטן טייל פאלן צוליב דער ענגלישער קראנקייט, האָבן 41% קינדער, וואָס הייבן זיך אָן לערנען. בלוט־אָרעמקייט און בלייכקייט איז פאראן בא 32% אין די שטעט און בא 18% אין די דערפער. א נייגונג צו טובערקולאָז האָבן 17% קינדער פון די שטעט און 19% קינדער פון די דערפער. פאראן א היפּשע צאָל דאָרפישע שולן, ווו פון 90 ביז 99% קינדער האָבן קראנקע ציינער..."

מעגלעך אז אזא שווארצע בילד וועט זייער פארוואונדערן די בורזשואזיע, וועלכע איז געוואוינט אזויפיל צו טייענען וועגן דער קולטור פון לאנד. די בורזשואזיע האָט ליב צו ריידן וועגן דעם גוטן טאָג, וואָס דאָס פאָלק לעבט קלוימערשט: וועגן יאסלעס, שולן, שפּיטאָלן, גימנאסטיק און מעדיצינישער הילף, און פלוצלונג נא דיר גאָר!...
דער דירעקטער פון דער גימנאסטיק־שול אין סטאָקהאָלם, עלינפאלק, שרייבט, אז די קינדער קרענקען אָפטער צוליב די שלעכטע וווינונגען, אז ניט נאָר די דירעס,

נאָר אפילע די שולן ווערן שלעכט ווענטילירט. אָבער ווי זאָלן די אַרבעטער, וועלכע באַקומען זייער א קליינעם לוין, וווינען אין בעסערע דירעס, פאר וועלכע זיי זײַנען ניט אימשטאַנד צו באַצאָלן פון זייער מיזערנעם געהאַלט?

אין דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, איטאַליע, פוילן, שוועדן און טשעכאָ-סלאָוואַקיע קומט פאָר א נאָכאַנאַנדיקע פאַרערגערונג פונעם געזונט פון די קינדער. אין די קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע לענדער, ווו די קינדער פון די אַרבעטנדיקע לעבן אין באַזונדער אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען, זײַנען קראַנקײַטן און עפּידעמיעס נאָך מער פאַרשפּרייט, איידער אין איירָאָפּע און אַמעריקע.

ווי האַלט עס מיטן געזונט פון די קינדער, אַשטייגער, אין כינע?

כ. ד. פאָנג, אין זײַן בוך „די טעקסטיל־אינדוסטריע אין טיאַנצזין", אַרויסגעגעבן אין יאָר 1931, שרײַבט, אַז „אין איין גרויסן טעקסטיל־וואַרשטאַט איז צווישן 130 מינדעריע־ריקע אַרבעטער (דאָס זײַנען קינדער פון 14־15 יאָר) ניטאָ קיין איין געזונטער און אַז אַלע איינציקע האָבן די קינדער 165 (!!) פאַרשיידענע קראַנקײַטן". מיר ברענגען די רעשימע פון די קראַנקײַטן, וואָס מיר נעמען פון דעמדאָזיקן ווערק פון כ. ד. פאָנג. בײַ די אויסגעפאָרשטע קינדער זײַנען געפונען געוואָרן פאָלגנדיקע קראַנקײַטן:

| | |
|---|---|
| טראַכאָמע . . . . . . | 47 פאַלן. |
| כאָלערינע . . . . . . | 9 „ |
| מאַלאַריע . . . . . . | 5 „ |
| מאָגן־קראַנקייטן . . . . . | 13 „ |
| האַרץ־קראַנקײַטן . . . . . | 3 „ |
| פיבער . . . . . . | 4 „ |
| קאָפּ־שמערצן . . . . . | 32 „ |
| פאַרקילונג . . . . . | 3 „ |
| אַנדערע קראַנקײַטן . . . . . | 33 „ |

אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט פאַרקלענערט זיך די געבורטן און עס וואַקסט די שטערבלעכקײַט פון די קינדער. אָט זײַנען די ציפער פון די געבורטן אף 1.000 מאַן פון דער באַפעלקערונג אין די גרעסטע הויפּט־שטעט פון דער וועלט [1]:

| | בערלין | פאַריזש | לאָנדאָן | ניו־יאָרק |
|---|---|---|---|---|
| אין יאָר 1913 . . . . | 19,4 | 17,2 | 24,5 | 26,7 |
| „ „ 1922 . . . . | 11,5 | 16,2 | 21,0 | 22,2 |
| „ „ 1929 . . . . | 9,6 | 14,8 | 15,7 | 17,7 |

באַזונדערס ערנסט איז די לאַגע מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער שטערבלעכקײַט פון די קינדער אין בערלין—12,3 (פאַרן יאָר 1929) און אין פאַריזש—15,1 (1929), ווו די שטערבלעכקײַט פון די קינדער האָט איבערגעשטיגן די צאָל געבורטן.

[1] אינעם ססר״ר פאַרבאַנד, ווו קיין עקאָנאָמישער קריזיס איז ניטאָ און ווו עס וואַקסט נאָכאַנאַנד דער וווילשטאַנד פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, זײַנען אין יאָר 1929 געווען 44,4 געבורטן אף 1.000 איינוווינער.—א. ס.

די צײַטונג „אינטערנאַציאָנאַל" (שטאָט אוסיג, אין טשעכאָ־סלאָוואַקײַ) מעלדעט:

„לויט די סטאַטיסטישע ציפער פון 29 מעלוכעס איז די שטערבלעכקײַט פון די קינדער מער איידער אומעטום אַנטוויקלט אין טשעכאָ־סלאָוואַקײַ. יעדער זיבעטער פּראָלעטאַרישער קינד שטאַרבט אין ערשטן לעבנ־יאָר. אין מוקאַשעוו שטאַרבן פון 100 קינדער 24, ד. ה., יעדער פערטער קינד, אין בערעכאָוו—22 קינדער. אין סלאָוואַקײַ איז אויך ניט בעסער. אין גאָוואָ־זאַמקי שטאַרבט יעדער פינפטער קינד. אין די טשעכישע געגנטן שטאַרבן דורכשניטלעך 18 קינדער פון 100. אין די אינדוסטריעלע ראַיאָנען פון צאָפן־בעהמען איז נאָך ערגער".

דער סאַניטאַרער אָפּטייל פון דער קרײַז־פאַרוואַלטונג אין אָסיקע (אויך אין טשעכאָ־סלאָוואַקײַ—א. ס.) האָט פּובליקירט א סטאַטיסטישן באַריכט, וועלכער ווײַזט, אַז אין טשעכאָ־סלאָוואַקײַ קומט אויס אַף יעדע 100 געשטאָרבענע 40 קינדער. אויב מע זאָל אהער צורעכענען דעם פּראָצענט שטערבלעכקײַט צווישן קינדער אין עלטער פון 1 ביז 7 יאָר (10,2 פּראָצ.), וועט אויסקומען, אַז אַף יעדערע 100 טויט־פאַלן קומט אויס 50—51 פּראָצ. קינדער ייִנגער פון 7 יאָר.

אומדערהערט גרויס איז די שטערבלעכקײַט פון די קינדער אין די קאָלאָניעס, לעמאָשל, אין די עקוואַטאָריאַלע באַזיצונגען פון פראַנקרײַך און גרויסבריטאַניע אין אפריקע. לויט די אָפיציעלע מיטיילונגען פון דער דאָרעם־אַפריקאַנישער רעגירונג איז פאַראַן אַזוינע ראַיאָנען, וווּ פון 1000 געבאָרענע קינדער שטאַרבן אין משך פון ערשטן יאָר 958, און אין די „בעסערע" ראַיאָנען—700 קינדער. דידאָזיקע ציפער זײַנען, צום באַדויערן, ניט קיין דרוק־פעלער, זיי אַנטשפּרעכן דערווירקלעכקײַט.

פאַר די לעצטע יאָרן באַמערקט זיך אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין די קאָלאָניעס א באַדײַטנדיקע פאַרגרעסערונג פונעם האַנדל מיט קינדער. די סיבעס, וואָס שטויסן די עלטערן אַף דעמדאָזיקן לעצטן שריט פון פאַרצווייפלונג—צו פאַר־קויפן זייערע קינדער פאַר קנעכט, דאָס איז, פריער פון אַלץ, דער הונגער, די צערוינירונג פונעם פויערטום, די צו שווערע שטײַערן, דער שרעקלעכער האָפענונג־לאָזער דאַלעס א. א. וו.

דער צענטראַל־אָרגאַן פון די רעוואָלוציאָנערע (אוניטאַרע) פּראָפּאַריינען אין פראַנקרײַך שרײַבט:

„דער שפּאַניער מאַרסעלינאָ גאַנזאַלעס, וואָס וווינט אין סעפּוא (לואַרע), האָט אָרגאַניזירט א האַנדל מיט קינדער אין עלטער פון 12 ביז 16 יאָר. ער פאַרקויפט די קינדער צו די פראַנצויזישע גלאָז־זאַוואָדן.

דערדאָזיקער מענטש האָט אין שפּאַניע זײַנע אַגענטן, וועלכע פאָרן אַרום איבער די אָרעמסטע דאָרפישע געגנטן פון לאַנד און ריידן אײַן די הונגעריקע עלטערן, אַז אין פראַנקרײַך וועלן זייערע קינדער זיך אויסלערנען א גוטע און לײַכטע מעלאָכע.

די אָרטיקע שפּאַנישע מאַכט־אָרגאַנען גיבן ליגנערישע ידיעות וועגן דערדאָזיקער אַרבעט פון די קינדער צוליב דעם, קעדיי אַרומצוגיין דעם

שפאַנישן געזעץ, לויט וועלכן די אַרבעט פון קינדער ביז 14 יאָר איז פאַר־באָטן.

אין אייניקע פאַלן ווערן די קינדער אַריבערגעפירט איבערן גרענעץ אַף אַ קאָנטראַבאַנדנעם אויפן.

גאַנזאַלעס האָט באַ זיך אין סעפּוּאַ אײַנגעאָרדנט אַ קינדער־קאָלאָניע, אַי וועלכער עס לעבן אַרום 60 קינדער. אַזוינע קאָלאָניעס געפינען זיך אויך אין רואַן, טרעפּאָר און באָמבול.

די קינדער צווינגט מען צו אַרבעטן אַף די זאַוואָדן צו 11—12 שאָ אַ טאָג פאַר אַ נישטיקן לוין, וועלכן דער שקלאַפן־הענדלער מאַרסעלינאָ גאַנזאַלעס נעמט, אַגעוו, צו זיך אין קעשענע אַרײַן.

די קינדער לעבן אין אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען, אין הילצערנע באַראַקן, אין שרעקלעכער ענגשאַפט. עסן גיט מען זיי אויסערגעוויינלעך שלעכט. קליידער און שוכוואַרג פאַרקויפט מען זיי פאַר באַרײַסערישע מעקאָכים.

גאַנזאַלעס איז רײַך, ער פאָרט אום אין אַן אַוטאָמאָביל און האָט אייגענע הײַזער.

דערדאָזיקער מענטש איז געקומען צו פאָרן קיין פראַנקרײַך אָן אַ גראָשן געלט און איז רײַך געוואָרן דורכן האַנדל מיט קינדער. צו דעם ווערט ער זייער געאַכט צווישן די פראַנצויזישע גלאָז־באַראָנען, וועמען ער דינט טרײַ".

דער שפּאַנישער קינדער־האַנדל ווערט געפירט שוין פון 1912־טן יאָר אָן. דער־דאָזיקער מיסכער איז אויפגעדעקט געוואָרן דורך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן און דורכן באַזונדערן קאָמיטעט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט לאַוואַל. איצט אָבער, ווען לאַוואַל שטייט אָנדערשפּיץ פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, פאַרוזטיילט ער ניט דעם שקלאַפן־האַנדל פון זײַנע באַלעבאַטים—די פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן.

אין כינע איז דער האַנדל מיט מינדעריעריקע קינדער נאָך מער פאַרשפּרייט. געוויינלעך איז אין כינע דאָס געבוירן ווערן פון אַ מיידל אין אַן אָרעמער פאַ־מיליע—אַ צאָרע. אין דאָרעם־כינע וואַרפט מען גאַנצ אָפט אַרײַן די מיידלעך, וואָס ווערן געבאָרן אין גרויסע פאַמיליעס, פאָשעט, אין נאָענטסטן טײַך.

דער גורל פון דעם גרעסטן טייל מיידלעך איז פאָרויס באַשטימט קימאַט פון געבאָרנטאָג אָן: אַז זיי וועלן אויסוואַקסן, וועט מען זיי פאַרקויפן צו רײַכע כינעזער אָדער צו אויסלענדער.

אַ ניט ווייניקער שווערער גורל דערוואַרט די אומטערוואַקסנדיקע ייִנגלעך: אָדער זיי קומען אָן אַלס „באָיעס" צו רײַכע כינעזער אָדער אויסלענדער, אָדער זיי ווערן אויפגעקויפט דורך די אויסלענדישע פאַבריקן לויט קאָנטראַקטאַציע.

„באָי"—דאָס איז אַ באַדינער אַף אַלץ. ער איז אי אַף אַ גאַנג, אי אַ שטוב־מיידל, אי אַ קעכן, אי ער האָדעוועט די קינדער, און אָפּטמאָל פאַרבײַט ער אַפילע אַ פערד, פירנדיק אין אַ פרעכטיקער קאַליאַסקע די פריצישע קינדער.

פאַרשטייט זיך, קיין שום געזעצן, וואָס באַשיצן זײַן אַרבעט, זײַנען ניטאָ. מע האָט אים געקויפט, און ער איז געוואָרן אַ „מוי־צאַי", ד. ה. אַ קנעכט־קינד, און מיט דעם איז שוין אַלץ געזאָגט.

פאָטער ווערנ פונ אנ איבעריקנ עסער, ניט לאָזנ דעמ קינד שטארבנ פאר הונגער—אָט וואָס עס צווינגט די עלטערנ צו פארקויפנ זייערע קינדער צו די גווירימ. אונ אויב ערגעצווו אינ אבעסיניע, אינ די קליינע דאָרטיקע מעלוכעס פונ אראבישנ האלב־אינדזל, אינ דער בריטישער קאָלאָניע ראָדעזיע איז דאָס פארקויפנ קינדער ביז הײַנטיקנ טאָג נאָכ פארבליבנ א געוויינלעכע דערשײַנונג, איז אינ אנדערע ערטער, אשטייגער, אינ אונגארנ, אפנ אינדזל ציילאָנ, ווו דער האנדל מיט קינדער איז פאָרמעל פארבאָטנ אונ ווערט, קלוימערשט, שטרענג באשטראָפט לויטנ געזעצ, האָט די בורזשואזיע זיכ אויסגעלערנט זייער גוט ארומצוגיינ דעמדאָזיקנ געזעצ. דער אויסרייד „אדאָפּטירנ" (אָנעמענ אלס אייגנ קינד) פארבײַט דעמ נאָמענ „פאר־קויפנ" די קינדער. אָבער אזוי, צי אזוי, באקומענ די עלטערנ פאר זייערע קינדער בלויז עטלעכע גראָשנס אונ פארלירנ גלײַכצײַטיק זייערע רעכט אלס עלטערנ.

זיי פארקויפנ ניט זייערע קינדער פאר שקלאפנ, זיי פארקויפנ זיי אפ „אדאָפּ־טירנ"... אָבער וואָס איז דענ דאָ אייגנטלעכ דער אונטערשייד?

## די יונגע שקלאפנ פונעמ קאפיטאל

ניט געקוקט אפנ גראנדיעזנ פארנעמ פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס, וואָס האָט ארויסגערופנ אנ אומגעהויערנ איבערפלוס פונ רעזערווער ארבעט־קראפט אינ דער פאָרמ פונ ארבעטלאָזיקײַט, הערט ניט אופ צו וואקסנ אינ די קאפיטאליסטישע קאָ־לאָניאלע אונ האלב־קאָלאָניאלע לענדער די אָנווענדונג פונ געדונגענער קינדערשער פראצע. די קינדערשע ארבעט לוינט בעסער פאר די קאפיטאליסטנ צוליב איר ביליקײַט, צוליב דעמ, וואָס די קינדער זײַנענ אמווייניקסטנ אָרגאניזירט אונ קאָנענ זיכ פארהעלטנישמעסיק ווייניקער אנטקעגנשטעלנ אינעמ קלאסנקאמפ.

אינ די קאפיטאליסטישע לענדער פונ מײַרעוו־אייראָפּע (אשטייגער, אינ דײַטש־לאנד, פראנקרײַכ, ענגלאנד), ווו די קינדערשע ארבעט אינ דער אינדוסטריע איז פאָרמעל פארבאָטנ, ווערט זי ברייט אויסגענוצט אינ די געהילפ־צווײַגנ פונ דער פראָדוקציע, אינ דער לאנדווירטשאפט אונ קוסטארישער אינדוסטריע.

אינ די פארייניקטע שטאטנ פונ צאָפנ־אמעריקע ארבעט אנ אומגעהויערע צאָל קינדער אינ דער אינדוסטריע אפ נאכט־ארבעט אונ אפילע אונטער דרערד. די קינ־דערשע ארבעט אינ די קאפיטאליסטישע אונ קאָלאָניאלע לענדער האָט שוינ לאנג אָנגענומענ „עקלהאפטיקע פאָרמעס", ווי עס פלעגט זיכ אָפט אויסדריקנ קארל מארקס אינ זײַנ צײַט, אונ איז אינ גרונט גענומענ—צוואנג־ארבעט.

אפ דעמ, אז דער קריזיס האָט אנטפלעקט דעמ שקלאפישנ, צוואנגהאפטיקנ כאראקטער פונ דער ארבעט אינ דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט, האָט מיט באשטימטקײַט אָנגעוויזנ דער XI פלענומ פונ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

„אינ די באדינגונגענ פונעמ קריזיס טרעט אומעטומ שארפ ארויס דער שקלאפנ־כאראקטער פונ דער לוינארבעט אפ די קאפיטאליסטישע אונטער־נעמונגענ אינ דער אינדוסטריע אונ אינ דער לאנדווירטשאפט, סײַ אינ די קאָלאָניעס אונ סײַ אינ די אימפעריאליסטישע לענדער".

דער שקלאפנ־כאראקטער פונ דער קינדערשער לוינארבעט דריקט זיכ אויס פריִער פונ אלצ, אינ פולשטענדיקנ אויסמײַדנ די עקזיסטירנדיקע „געזעצגעבונגענ" וועגנ קינדערשער ארבעט. די געזעצנ וועגנ קינדערשער ארבעט זײַנענ א פיקציע. פאקטיש באגינסטיקנ די בורזשואזע קלאסנ־געזעצנ, וועלכע „פארבאָטנ" אונ „באשיצנ" די קינדערשע ארבעט, אפנ סמאכ פונ אלערלײ דערגענצונגענ אונ דערקלערונגענ, די פארשקלאפנדיקע עקספלואטאציע פונ די קינדער. די דורכפירונג פונ דידאָזיקע געזעצנ ווערט קימאט ניט קאָנטראָלירט (אפילע אינ לענדער מיט אנ אנטוויקלטער אָנווענדונג פונ קינדערשער ארבעט איז פאקטיש ניטאָ קיינ אינספעקטאָרנ ספעציעל אפ באשיצנ די קינדער־ארבעט), אונ אויב עס ווערט באמערקט א גראָבע אויווער־זײַנ אפנ געזעצ מיצאד דעמ אונטערנעמער, איז ווערט ער באשטראָפט אפ אזא נישטיקער סומע (אשטייגער, אינ פוילנ, דײַטשלאנד אונ אנד.), אז פונ געשעפטלעכנ שטאנדפונקט לוינט עס אימ פאָשעט אפנ געזעצ אויווער צו זײַנ.

די ארבעטנדיקע קינדער זײַנענ לאכלוטנ רעכטלאָז אונ שוצלאָז, אונ דידאָזיקע רעכטלאָזיקײַט ווערט מיט כיישעק אונטערגעהאלטנ דורכ די אגענטנ פונ דער בורזשואזיע—דורכ די רעפאָרמיסטישע, קלעריקאלע אונ אנדערע פשאָרעמאכערישע פראָפאריינענ—מיט דעמ, וואָס זיי הייבנ אפילע ניט אָנ צו זאָרגנ וועגנ פארבעסערנ די לאגע פונ די ארבעטנדיקע קינדער.

די באלעבאטימ האָבנ אנ אומבאגרענעצטע שליטע איבער די קינדער, וועלכע ווערנ דורכ זיי עקספלואטירט (שטעלנ איינ לויט זייער אייגענעמ ווילנ דעמ ארבעט־לוינ, די לענג פונעמ ארבעט־טאָג, די אָנווענדונג פונ דער שטראָפ־סיסטעמ, נאכט־ארבעט, די ארבעט אינ די שאכטעס, ארצ־גרובנ, די לעבנגעפערלעכע ארבעטנ א.א.וו.).

די ארבעטנדיקע קינדער זײַנענ אבסאָליוט מיט גאָרנישט ניט באזאָרגט אפנ פאל פונ ווערנ קאליקעס, אינוואלידנ אונ פארלירנ די ארבעט־פייִקײַט.

לעסאָפ, האָבנ ניט די ארבעטנדיקע קינדער קיינ פערספעקטיוונ אפ באקומענ א קוואליפיקאציע, אלגעמיינע בילדונג אונ טעכנישע קענטענישנ.

דאָס זײַנענ די ווירקלעכ־קנעכטישע ארבעט־באדינגונגענ פונ די קליינע שקלאפנ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט.

וואָסערע זײַנענ די טענדענצנ פונ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ עקספלואטירנ קינדערשע ארבעט? אייניקע זײַנענ גענויגט צו האלטנ, אז צוליבנ עקאָנאָמישנ קריזיס האָט זיכ די ראָלע פונ דער קינדערשער ארבעט באדײַטנדיק פארקלענערט. איז דאָס טאקע ריכטיק? ניינ, ניט ריכטיק. מאכמעס די פאראנענע ציפער באווײַזנ גאנצ בוילעט, אז עס קאָנ גאָר קיינ רייד ניט זײַנ ניט וועגנ פארהעלטענישמעסיקער אונ ניט וועגנ אבסאָליוטער פארקירצונג פונ אָנווענדנ קינדערשע ארבעט. עס בײַטנ זיכ די ספערנ, ווו עס ווערט אָנגעווענדעט קינדערשע ארבעט, אָבער אינ אלגעמיינ הערט די עקספלואטאציע ניט אופ צו וואקסנ, האגאמ אפילע ניט גלײַכמעסיק. וועגנ דעמ איז אינ דער רעזאָליוציע פונעמ פארברייטערטנ פרעזידיומ פונ דער אינטערנאציאָנאלער קינדער־ביוראָ פונ קימ (הארבסט 1931) אזוי פארפיקסירט:

„צוליב דער גרויסער פאראָרעמונג פונעמ פראָלעטאריאט (פארקירצונג פונעמ ארבעטלוינ, ווּוקס פונ ארבעטלאָזיקײַט א.א.וו.) אונ דער דירעקטער

הונגער־געפאַר וואַקסט די צאָל קינדער, וואָס ווערנ עקספּלואַטירט דורכנ קאַפּיטאַליזמ סײַ אינ דער אינדוסטריע, סײַ אינ דער לאַנדווירטשאַפט אונ סײַ אינ די געהילפ־צווײַגנ פונ דער פּראָדוקציע".

גרונט־סיבעס פונעמ ווּקס פונ קינדערשער אַרבעט קאָנ מענ אָנרופנ פינפ.

*די ערשטע סיבע* — דאָס איז די כראָנישע אַרבעטלאָזיקײַט פונ די עלטערנ אונ דערוואַקסענע פאַמיליע־מיטגלידער, דאָס אַרבעטנ ניט קיינ גאַנצע וואָכ, די סיסטעמאַטישע פאַרקלענערונג פונעמ אַרבעטלוינ אונ, אַלס רעזולטאַט פונ דעמ, די אומדערהערטע פאַראָרעמונג פונ די סאַמע ברייטע פאָלק־מאַסנ.

*די צווייטע סיבע* איז די ביליקײַט פונ קינדערשער אַרבעט. דידאָזיקע סיבע, וועגנ וועלכער מאַרקס, ענגעלס אונ לענינ האָבנ ניט איינמאָל גערעדט, עקזיסטירט ביז הײַנטיקנ טאָג. אינ זײַנ בוכ „די לאַגע פונעמ אַרבעטער־קלאַס אינ ענגלאַנד" האָט פרידריכ ענגעלס געשריבנ: „וואָס מער די טעטיקײַט פונ די הענט אונ די מוסקול־קראַפט ווערט מיטנ אײַנפירנ מאַשינעס פאַרביטנ דורכ וואַסער־ אונ דאַמפ־קראַפט, אַלצ ווייניקער נייטיקט זיכ דער פאַבריקאַנט אינ דערוואַקסענע מענער. אונ אַזוי ווי פרויענ אונ קינדער באַקומענ א קלענערנ לוינ... פאַרנעמענ זיי דעמ אָרט פונ דערוואַקסענע מענער..." דער גייעג נאָכ ביליקערע אַרבעט־קראַפט, קעדיי צו באַקומענ גרעסערע רעוואָכימ, טרײַבט די קאַפּיטאַליסטנ אויכ איצטער אָפּנ שענדלעכסטנ אויפנ צו עקספּלואַטירנ קינדער (עמעס, אָפטמאָל מיט אַנדערע, מער ראַפינירטע מעטאָדנ).

*די דריטע סיבע* ליגט אינ דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע גופע, וועלכע פאַרוואַנדלט, אַגעוו, גאָר גיכ די קינדער אונ יוגנטלעכע אינ עפּעס אַזוינע אויטאָמאַטנ.

*די פערטע סיבע* איז די פאַרהעלטענישמעסיק שוואַכע אָרגאַניזירטקײַט אונ שוואַכע ווידערשטאַנד־פײַיקײַט מיצאַד די אַרבעטנדיקע קינדער קעגנ דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. דאָס נעמט זיכ אויכ פונ דער אויסערגעוויינלעכער צע־שטויבטקײַט פונ די אַרבעטנדיקע קינדער, וועלכע אַרבעטנ זעלטנ אינ גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסנ. די אַרבעטנדיקע קינדער האָבנ נאָכ ניט גענוג באַגריפנ זייערע קלאַסנ־אינטערעסנ, האָבנ נאָכ ניט גענוג דערפאַרונג אינעמ קלאַסנקאַמפּ. דער שטאַרקער ווירקונג פונ דער בורזשואַזיע צווישנ די קינדער איז נאָכ ניט קעגנ־געשטעלט געוואָרנ קיינ גענוג שטאַרקע אַרבעט פונ ק.פּ., קאָמיוג אונ פונ די רויטע פּראָפאַריינענ צווישנ די אַרבעטנדיקע קינדער. דאָס נוצט אויס דער אונטערנעמער, ווענענ עס ווילט זיכ זייער האָבנ וואָס ווייניקער „אומאָנגענעמע קאָנפליקטנ" מיט זײַנע אומרויִקע אַרבעטער.

לעסאָפּ, *די פינפטע סיבע* פונ דעמ, וואָס עס ווערט אַזוי ברייט אָנגעווענדט די אַרבעט פונ קינדער אונ יוגנטלעכע, איז דאָס, וואָס מיצאַד דער ק.פּ., דעמ קאָמיוג, די רעוואָליוציאָנערע פּראָפאַריינענ אונ מאַסנ־אָרגאַניזאַציעס פונעמ אַרבעטער־קלאַס ווערט ניט געגעבנ קיינ גענוג שטאַרקער ווידערשטאַנד דער בורזשואַזיע. די פאַרעטערישע סאָציאַלע פּאָליטיק אינ דערדאָזיקער פראַגע פונ אַלע בורזשואַזע פּאַרטייענ, פונ די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ ביז די פאַשיסטנ אײַנשליסלעכ, האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפנ צו פאַרשקלאַפנ די אַרבעטנדיקע קינדער.




בילד 5. הונגערדיקע קינדער, וואָס באַקומען הילף פון „מאָפּר״.

דאָס זײַנען די גרונט־סיבעס פון דעם, וואָס די עקספּלואַטאַציע פון קינדערשער אַרבעט וואַקסט אַלץ ווײַטער און ווײַטער. דער וווּקס פון דער קינדערשער אַרבעט באַטײַט גלײַכצײַטיק אַ ווײַטערדיקע פאַרערגערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע. וועגן דעררדאָזיקער פראַגע האָט נאָך אין 1913־טן יאָר לעניןָ אין זײַן אַרטיקל „די קינדערשע אַרבעט אין דער פויערישער ווירטשאַפט" געשריבן אַפּנ סמאַך פון עסטרײַכישע און דײַטשישע מאַטעריאַלן:

„צו דער צאָל פון אַזוינע ווײַזערס—דערצו נאָך באַזונדערס וויכטיקע—געהערט נאָך דער פאַרנעם פון דער אָנווענדונג פון קינדערשער אַרבעט. וואָס שטאַרקער עס איז די עקספּלואַטאַציע פון דער קינדערשער אַרבעט, אַלץ ערגער איז, אָן ספק, די לאַגע פון עם אַרבעטער, אַלץ שווערער איז זײַן לעבן..."

לענינס ווערטער באַשטעטיקן זיך גלענצנד אויך בײַ הײַנטיקן טאָג.

די צעבלאָזענע באַריכטן פון די פאַבריק־אינספּעקציעס, די פּאָרטרעגן פון די אַרבעט־מיניסטעריומס, אַלערלייִקע „סאָלידע" עקאָנאָמישע פּעריאָדישע אויסגאַבן און די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע אײַנײַנעם גיבן איבער זייער קנאַפּ די ציפער און פאַקטן וועגן דער אָנווענדונג פון קינדערשער אַרבעט. נאָך מער: די קאַפּיטאַליסטן סטאַרען זיך מיט אַלע מעגלעכקײַטן צו פאַרבאַהאַלטן דידאָזיקע פאַקטן. אָבער „אַ נאָל אין אַ זאַק קען מען ניט באַהאַלטן" און די אומאָנגענעמע ציפער גליטשן זיך פאָרט ווען ניט ווען דורך אין דער פּרעסע.

קלאָר, אַז דידאָזיקע ציפער זײַנען אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס פאַרקלענערט.

מירן זיך פּרוּוון פון אַלץ פּרוון פעסטשטעלן אײניקע ציפער וועגן דער אָנווענדונג פון קינדערשער אַרבעט אין פאַרשיידענע מעלוכעס. מירן ברענגען אין אַלגעמיינע טאַבעלע (זײַט 25), וואָס איז צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע קוועלן פאַר די יאָרן 1930 און 1931.

לויט די סאַמע באַשיידענע סאַכאַקלען טראָגן אין דער גאַנצער וועלט ניט ווייניקער פון 15 מיליאָן קינדער און יוגנטלעכע אין עלטער ביז 15 יאָר די שווערע לאַסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

## קינדער-אַרבעט אין די צאָפן-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן.

אינעם לאַנד פונעם „פרײַהײַט" און דאָלער קומט פאָר אַ צעווילדעוועטע, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט צו פאַרגלײַכן, עקספּלואַטאַציע פון קינדער, וועלכע איז, פאַרשטייט זיך, צוגעדעקט מיט דעמאָקראַטישע לאָזונגען. אַריבער 25 טויזנט קינדער אַרבעטן אין די שאַכטעס אונטער דרערד; בלויז די פאַבריק־אינספּעקציע אַליין טיילט מיט יערלעך וועגן 9—10 טויזנט באַשעדיקונגען פון קינדער ביז 15 יאָר, פאַרנומענע אין דער פּראָדוקציע. די אויסערגעוויינלעך אָנגעשטרענגטע אַרבעט צו 10 (און אָפטמאָל מער) שאָ אין טאָג נעמט בוכשטעבלעך אַרויס די קויכעס פון די קינדער. אַפילע די פּאַציפיסטישע אָרגאַניזאַציע „געזעלשאַפט פון אַמעריקאַנישע

# ציפער וועגנ קינדערשער לוינארבעט אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער

(אינ דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט, קוסטארישער פּראָדוקציע א. א. וו.).

| לאנד | עלטער | אלגעמיינע צאָל | אָנמערקונג |
| --- | --- | --- | --- |
| 1. כינע . . . . . | 5—14 | 3000000 | דידאָזיקע ציפער איז אנערקענט דורכ דער ארבעט־ביוראָ פונ דער פעלקער־ליגע, זי איז אָבער באדייטנדיק פארקלענערט. |
| 2. פאריייניקטע שטאטנ . | 7—14 | 2800000 | אינ יאָר 1910 איז לויט דער אָפיציעלער סטא־טיסטיק געווענ פארנומענ אינ דער פּראָדוקציע 1990225 קינדער. |
| 3. דײטשלאנד . . . . | 9—14 | 1900000 | גענומענ פונ ע. גערנלעס בוכ „גרונט־פראגנ פונ דער פּראָלעטארישער דערציִונג"; ציפער פונ יאָר 1927. |
| 4. גרויסבריטאניע . „ | 14—18 | 1018000 | לויט די ציפער פונ דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע איז אינ יאָר 1922 געווענ פאר־נומענ אינ דער פּראָדוקציע אנ ערעכ 500.000 קינ־דער אינ עלטער פונ 11 ביז 14 יאָר. בלויז פארנ יאָר 1926 אלייג זײַנענ אָנגעקומענ אפ דער פּראָדוקציע 128302 יוגנטלעכע, אונ אינ 1927־טנ יאָר (26/IX) זײַנענ אפ 1050117 דערוואקסענע ארבעטלאָזיקע געווענ 64423 ארבעטלאָזע קינדער. |
| 5. אינדיע . . . . . | ביז 14 יאָר | 350000 | לויט די ציפער פונ דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע זײַנענ 14% פונעם פּראָלעטא־ריִאט, וואָס איז פארנומענ אינ דער פּראָדוקציע,— קינדער. דערעכ אגעוו: אינ יאָר 1923 האָבנ 75 טויזנט קינדער געארבעט אינ די ארצ־גרובנ. |
| 6. טשעכאָ־סלאָוואקיע . | 12—15 | 3000000 | לויטנ אָפיציעלנ באריכט פונ דער רעגירונג האָבנ אינ יאָר 1928 אפ לוינ־ארבעט געארבעט 181877 קינדער. |
| 7. יאפּאָניע . . . . | 12—15 | 115800 | בלויז מיידלעכ. אינ 1917־טנ זײַנענ אינ דער פּראָדוקציע געווענ פארנומענ 125400 ייִנגלעכ אונ מיידלעכ ביז 14 יאָר. |
| 8. קאנאדע. . . . . | ביז 14 יאָר | 75000 | די ציפער אפנ יאָר 1929 זײַנענ שײַעכ בלויז דער אינדוסטריע, ווי עס זײַנענ געווענ פארנומענ ביז 1 מיליאָנ מענטשנ. |
| 9. נאָרוועגיע . . . . | 12—16 | 40829 | ציפער פונ יאָר 1922; אינ דער צאָל גייענ ארײַנ 29398 מיידלעכ. |
| 10. אורוגוויי . . . . | ביז 14 יאָר | 20000 | ציפער פונ 1929־טנ יאָר, ווענ אינ אורוגווײַ האָבנ געארבעט אינ דער פּראָדוקציע 110,000 מ. |

קאָמיטעט פאַר קינדער־אַרבעט" איז געצוואונגען צו שרייַבן, אַז די אַרבעטנדיקע קינ־דער „ווערן פאַרן טאָג אַף אַזויפיל אָפּגעמאַטערט, אַז אינאָוונט האָבן זיי אָפטמאָל אַפילו ניט קיין קויעך צו עסן...".

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז פאַקטיש ניטאָ קיינשום אַרבעט־שוץ פאַר קינדער און יוגנטלעכע; עס איז אַפילו ניטאָ קיינשום פאָרמאַסקירונג אין דער פאָרם פון אַן אַלגעמיין־פעדעראַטיווע געזעצ וועגן קינדער־אַרבעט.

אין 1917־טן יאָר האָט דער סענאַט אַזאַ געזעצ אַפילו יאָ אָנגענומען, אָבער דער העכסטער געריכט האָט אים אָפּגעוואָרפן (1918—3/VI) אַלס אַן „אַנטיקאָנסטיטוציאָ־נעלן אַקט".

דער טאָל פון די געזעצן וועגן קינדער־אַרבעט, וואָס זייַנען אָנגענומען געוואָרן אין איינצלנע שטאַטן, באַשטייט אין פעסטשטעלן דעם עלטער. צום ביישפּיל, איינעם געזעצ פון שטאַט קאַליפאָרניע ווערט געזאָגט:

„עס איז פאַרבאָטן אָנצונעמען יוגנטלעכע פון 13 יאָר אין יענע אָפּטיי־לונגען, ווו די אַרבעט ווערט געפירט נאָענט לעבן די מאַשינעס".

געוויינלעך ווערט אָנגעוויזן, אַז אין דער אינדוסטריע איז פאַרבאָטן אָנצוווענדן די אַרבעט פון קינדער ביז 14 יאָר, אָבער די לאַנדווירטשאַפט, קוסטאַרישע אונטער־נעמונגען און גאַסן־אַרבעטן ווערן אין כעשבן ניט אַרייַנגענומען.

אין יאָר 1929 איז אַפן XVII קאָנגרעס פון דער אַמעריקאַנישער געזעצגעבונג פאָרגעלייגט געוואָרן אַ דערגענצונג־אַרטיקל צו דער אַמעריקאַנישער קאָנסטיטוציע, וועלכער זאָגט, אַז „די מעלוכע נעמט אַף זיך דעם קאָנטראָל איבער דער אַרבעט פון פערזאָנען יינגער פון 18 יאָר". אָבער פון די 48 שטאַטן האָבן בלויז 4 שטאַטן, אין וועלכע די קינדער־אַרבעט איז ווייניק פאַרשפּרייט, אָנגענומען דידאָזיקע באַשטימונג.

די סטרוקטור פון דער אַמעריקאַנישער געזעצגעבונג וועגן קינדערשער אַרבעט גיט די גרעסטע מעגלעכקייטן אַף אומדערהערטער עקספּלואַטאַציע פון קינדער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט געפערלעכן וווּקס פון דער אַרבעטלאָזיקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן (אין 1932־טן יאָר איז פאַראַן העכער 14 מיליאָן אַרבעטלאָזיקע — קעגן די 6.600.000 אַרבעטלאָזע פון 1930־טן יאָר) מיטן גלייַכצייַטיקן וווּקס פון דער אָנווענדונג פון קינדער־אַרבעט (אַרבעט אין די שאַכטעס, נאַכט־אַרבעט אין די שעדלעכע צעכן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעוואָלוציאָניזירונג פון די ברייטע מאַסן קינדער (די אַרויסטרעטונגען פון 9־טן מאַרט 1930, די שול־שטרייקן, דאָס באַטייליקן זיך פון די קינדער אין הונגער־מאַרשן א. א. וו.), סטאַרעט זיך די דערשראָקענע בורזשואַזיע דורך דעמאַגאָגישע גאַנגען אָפּצוציִען די פּראָלעטאַרישע מאַסן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן אָפּשאַפן קינדער־אַרבעט און פאַר דעם פולשטענדיקן פאַרזאָרגן די אומפאַרמעגלעכע קינדער.

דידאָזיקע דעמאַגאָגישע גענג קאָן מען זען פון די צוויי געזעצ־פּראָיעקטן וועגן קינדער־אַרבעט, וועלכע די קאָמיסיע איבער דער פראַגע וועגן קינדער־אַרבעט באַם קאָמיטעט פאַר פּראָפבילדונג און די נאַציאָנאַלע בילדונג־ליגע האָבן אין 1931־טן יאָר אַרייַנגעטראָגן.

די פּראָיעקטנ צו דער געזעצגעבונג זײַנענ בלויז פּײַנע טריוקנ, וועלכע זאָגנ צו „גאָלדענע בערג און אלדאָסגוטס", און זײַנענ ספּעציעל אויסגערעכנט אפ אָפּצונארנ די מאסנ.

עס איז דאָך אגעוו גוט באוווסט, אז די אינספּעקטאָרנ פונ די אָרטיקע אָרגאנענ פונעמ ארבעט־מיניסטעריום און די פּשאָרעמאכערישע פּראָפּאריינע הייבנ גאָר ניט אָנ צו קלערנ וועגנ קאָנטראָלירנ די אָנווענדונג פונ די געזעצנ וועגנ שוץ פונ קינדער־ארבעט, וואָס זײַנענ פריִער ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ איינצלנע שטאטנ. דער טומל ארומ דעמ נײַעמ געזעצפּראָיעקט ווערט געמאכט אומישנע, אינ בעסטנ פאל וועט דער געזעצ, אויב ער וועט ווערנ אָנגענומענ (און אפ דעמ זײַנענ קיינ שאנסנ קימאט ווי ניטאָ), בלײַבנ בלויז אפּנ פּאפּיר.

וואָסערע באדינגונגענ פונ דער קינדער־ארבעט עקזיסטירנ אינ די פאריייניקטע שטאטנ און ווי גרויס איז דער פארנעמ פונ איר אָנווענדונג?

לויט די אָפיציעלע ציפער פונעמ ארבעט־מיניסטעריום ארבעטנ די קינדער אינ דער פאבריק־זאוואָדישער אינדוסטריע געוויינלעך פונ 10־יאָריקנ עלטער אָנ, און אינ דער לאנדווירטשאפט און די געהילפצווײַגנ ווערנ די קינדער גענומענ צו דער ארבעט צו 7—6 יאָר, באזונדערס אינ די דאָרעמ־שטאטנ, ווו עס זײַנענ פארנומענ אינ דער פּראָדוקציע א גרויסע צאָל נעגערשע קינדער.

די אָפיציעלע פארקויפטע אמעריקאנישע סטאטיסטיק פירט א דיסקאָנט פונ דער קינדער־ארבעט מיט דער הילפ פונ באזונדערע ציילונגענ פונ די ארבעטנדיקע קינדער (די ציילונג ווערט דורכגעפירט איינ מאָל אינ צענ יאָר). לויט דידאָזיקע ציילונגענ קומט פאָר א נאָכאנאנדיקע פארקירצונג פונעמ באנוצ פונ קינדער־ארבעט. אָט זײַנענ די פארסאכאקלטע ציפער פונ דידאָזיקע ציילונגענ פאר די לעצטע צוואנציק יאָר:

| יאָר | עלטער | ייִנגלעך | מיידלעך | באַמערקונג |
|---|---|---|---|---|
| 1910 | 10—15 | 1353139 | 6370 6 | די ציפער פונעמ קאָמיטעט פאר קינדער־ארבעט כאפּנ ארומ די קינדער, וואָס ארבעטנ אינ דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט, קוסט.־פּראָדוקציע, אפנ גאס א. א. וו. |
| 1920 | 10—15 | 714248 | 346610 | קיינ פארקלענערונג פונ אָנווענדנ קינדער־ארבעט איז ניטאָ, מאכמעס די ציילונג איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ יאנוואר 1920 און האָט ניט ארומגעכאפּט די הויפּט־מאסנ פונ די קינדער, וואָס ארבעטנ אינ דער לאנדווירטשאפט אפ סעזאָנע ארבעטנ און אינ דער קאָנסערוונ־אינדוסטריע. |
| 1930 | 10—15 | 1250000 | — | דאָס נעמלעכע. |

אפ וואָס פאר א סמאך קאָנענ מיר באהויפּטנ, אז דידאָזיקע סטאטיסטיק איז פאלש? א טעלעגראמ פונ טאס פונ ניו־יאָרק אינ יונ 1931 האָט מיטגעטיילט, אז לויט איניקע פארגלײַכנדיקע ציפער פונ דער אָפיציעלער ציילונג פארנ יאָר 1930 און

לויט די פובליקירטע מאטעריאלן פונעם עקאָנאָמיסט העטשינס „פארגרעסערט זיך אלץ מער און מער די צאָל קינדער, וואָס זײַנען פארנומען אין דער אינדוסטריע. זייער ארבעט ווערט באצאָלט אסאך ביליקער, איידער די ארבעט פון דערוואקסענע, וועלכע זײַנען פארנומען אף דערזעלביקער ארבעט. הגם אין אסאך שטאטן זײַנען איצט פאראן געזעצן וועגן קינדער־ארבעט, אָבער פאקטיש ווערן זיי ערגעץ ניט אָפגעהיט, מאכמעס עס איז ניטאָ קיין קאָנטראָל איבער זייער דורכפירונג".

לויט די ציפער פון דעמזעלביקן העטשינס, באזוכן ניט 1.500.000 קינדער אין עלטער פון 14—7 יאָר די שול, מאכמעס דידאָזיקע קינדער זײַנען פארנומען אף לוינארבעט. אויב מע זאָל נעמען אין אכט, אז דאָסראָוו קינדער זײַנען אין פרילינג, זומער און הארבסט פארנומען אין דער לאנדווירטשאפט, באזונדערס אף די דאָרעמ־



בילד 6. קינדער פון א בארג-ארבעטער אין קענטוקי.

דיקע בוימוואָל־פלאנטאציעס און אף די דאָרעמדיקע און דאָרעמ־מיזורעכדיקע צוקער־פלאנטאציעס, און ניט ווינטער, ווען די ציילונג איז פאָרגעקומען, קאָן מען קאָנ־סטאטירן, אז אין אלגעמיין ווערן אין די פאראייניקטע שטאטן עקספלואטירט ניט ווייניקער פון 3.000.000—2.800.000 קינדער אין עלטער פון 6 ביז 15 יאָר. אינטע־רעסאנט איז צו באמערקן, אז ארום און ארום זײַנען אין די פאראייניקטע שטאטן פון צאָפן אמעריקע פאראן אן ערעך 15.000.000 קינדער אין עלטער פון 15—10 יאָר. הייסט עס, אז $1/5$ פון אלע קינדער, ד. ה. 20%, געפינט זיך אף לוינארבעט. אין קיין שום אנדער לאנד אין דער וועלט איז ניטאָ אזא מין מאסנהאפטיקע עקספלו־אטאציע פון קינדער. אגעוו דארף מען נאָך אָנמערקן, אז לויט די ציפער פון דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפעדיע האָבן אין 1927־טן יאָר אין די פאראייניקטע שטאטן בלויז אין דער אינדוסטריע אליין געארבעט אף לוינארבעט אריבער 2 מיליאָן קינדער.

פון וואָסערע שיכטן באפעלקערונג זײַנען דאָס די קינדער, וואָס גייען ארבעטן אף לוינארבעט? מיר ברענגען פון דער אמעריקאנישער אָפיציעלער סטאטיסטיק די

טאבעלע וועגן דער פארטיילונג פון די ארבעטנדיקע קינדער אין די פאראייניקטע שטאטן אין 1920־טן יאָר:

| | יינגלעך | מיידלעך | אינאיינעם |
|---|---|---|---|
| קינדער פון דער גרונט. באפעלקערונג פון אמעריקע . | 390244 | 136932 | 527176 |
| נעגערשע קינדער . . . . . . | 191877 | 125354 | 317231 |
| קינדער פון אויסלענדער, געבאָרענע אין אמעריקע . | 107410 | 67650 | 175060 |
| קינדער פון עמיגראנטן . . . . . . | 22926 | 15766 | 38692 |

פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך די צאָל ארבעטנדיקע קינדער באדייטנדיק פאר־גרעסערט אין צוזאמענהאנג מיטן אָפּשטעלן די אימיגראציע אין די פאראייניקטע שטאטן און מיטן ארייַנציִען די קינדער אין אלע צווייַגן פון דער אינדוסטריע



בילד 7. א גרופּע קינדער פון דער אָרעמשאפט אין שטאָט מעקסיקאָ.

צוליב דער פארשטארקטער ראציִאָנאליזאציע. א באזונדערס גרויסע ווירקונג אפּן וווּקס פון דער קינדער־ארבעט האָט די פּאופּעריזאציע, ד. ה. די פאראָרעמונג פון אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז פון 1925־טן יאָר ביזן יאָר 1931 האָבן די קאפּיטאליסטן אראָפּגעזעצט דעם ארבעטלוין פון די ארבעטנדיקע פּראָלעטאריער, פארשטייט זיך, ניט אָן דער מיטהילף פון די געלע פּראָפּאריינישע ביוראָקראטן, אין אלגעמיין אפּ 40%. די געזינדן ניט נאָר פון די ארבעטלאָזע ארבעטער, נאָר אפילע פון די, וואָס ארבעטן די גאנצע וואָך, זייַנען ניט געזיכערט מיטן לעבן־מינימום. ארויסגייענדיק פון דעם, זייַנען די קינדער צוליב דער הונגער־געפאר געצוווּנגען צו פארקויפן זייער מי פאר עטלעכע גראָשן.

אין וואָסערע ריכטונגען גייט די אָנווענדונג פון קינדערשער ארבעט אין די פאראייניקטע שטאטן פון צאָפן־אמעריקע?

ע ר ש ט נ ס, זײַנען די קינדער פארנומענ אינ דער אינדוסטריע.

צ ו ו ײ ט נ ס, זײַנען די קינדער פארנומענ אפ לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטנ בא די רײַכע פערמערס (אמעריקאנישע באלעגופים).

ד ר י ט נ ס, ארבעטנ די קינדער אלס קורייערנ, שיכ־פוצער, צײַטונג־פארקויפער קליינע הענדלער א. א וו.

אייניקע יעדיעס וועגנ דעמ, אינ וואָסערע צווײַגנ פונ דער פּראָדוקציע עס זײַנען געווענ פארנומענ די גרעסטע צאָל קינדער, גיט פאָלגנדיקע סטאטיסטיק פארנ יאָר 1920:

| | ייִנגלעך | מיידלעך |
|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט . . . . . . . | 454238 | 188071 |
| מעטאלורגישע אינדוסטריע . . . . . | 104335 | 81002 |
| פארנומענע אפ גאסנ־ארבעטנ . . . . | 49234 | 14034 |
| אָנגעשטעלטע . . . . . . . | 59633 | 18507 |
| הויז־ארבעטערנס . . . . . . . | — | 37924 |

מע דארפ נאָר נעמענ אינ אכט דאָס, אז ווינטער 1920־טנ יאָר (יאנוואר) זײַנענ אינ דער לאנדווירטשאפט געווענ אריבער א האלב מיליאָנ ארבעטנדיקע קינדער אינ עלטער פונ 15—10 יאָר (ד. ה., וואָס ארבעטנ שטענדיק אלס לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער). אינ פרילינג, זומער אונ הארבסט, מיטנ אָנקומענ פונ דער „ברענ־צײַט" אינ דער לאנדווירטשאפט, פארגרעסערט זיכ דידאָזיקע ציפער אָנ סאָפעק ניט ווייניקער, ווי אינ 5—4 מאָל.

ווי איז די לאגע פונ די ארבעטנדיקע קינדער גופע?

לויט ווי עס זאָגט איידעס די קינדער־ביוראָ באמ ארבעט־מיניסטעריום, דערגרייכט די לענג פונעמ ארבעט־טאָג אינ דער לאנדווירטשאפט פאר 15—8־יאָריקע קינדער (קליינע באטראקעס) 10 שאָ. לויט די ציפער פונעמ „כ י ד ע ש ־ ז ש ו ר נ א ל פ ו נ א ר ב ע ט ־ מ י נ י ס ט ע ר י ו מ א י נ ד י פ א ר ײ נ י ק ט ע ש ט א ט נ פ ו נ צ אָ פ נ ־ א מ ע ר י ק ע", האָבנ אינ 1930־טנ יאָר די קליינע פּראָלעטאריער פונ די קאָנסערוונ־זאוואָדנ געארבעט ביז 14 שאָ אינ טאָג. דאָרטנ עקזיסטירט אויכ נאכט־ארבעט. נאָכ ערגער איז די לאגע פונ די קליינע צײַטונג־פארקויפער, שיכ־פוצער א. אנד.—זייער ארבעט־צײַט איז „ניט באגרענעצט" אונ דויערט גאנצ אָפט פונ אינדערפרי ביז באנאכט.

מיר ברענגענ פונ „א מ ע ר י ק ע נ פ ע ד ע ר ײ ש ע נ" אונ אנדערע אויסלענדישע בורזשואזע קוועלנ פאקטנ וועגנ די רעזולטאטנ פונ אָנווענדנ געדונגענע קינדער־ארבעט אינ באזונדערע שטאטנ.

ד ז א ר ד ז ש י אָ. קינדער אונטער 16 יאָר ארבעטנ אפ די טעקסטיל־אונטערנע־מונגענ ביז 60 שאָ אינ וואָכ, אונ אינ אנדערע צווײַגנ—גאָר אנ אומבאגרענעצטע צײַט. צווישנ די קינדער אונ יוגנט קומענ פאָר זייער אָפטע אומגליק־פאלנ. פארנ צווייטנ האלביאָר פונ 1928 זײַנען אינ דער פּראָדוקציע געהארגעט געוואָרנ 8 פערזאָנ, אונ פארוואונדעט געוואָרנ 669 פערזאָנ. אינ דידאָזיקע ציפער גייענ ארײַנ בלויז קינדער אונ יוגנטלעכע ביז 18 יאָר; צווישנ די, וואָס זײַנען פארוואונדעט געוואָרנ, זײַנען פאראנ 119 קינדער פונ 15—14 יאָר.

פּענסילוואַניע. אין יאָר 1928 זײַנען פאַרעגיסטרירט געוואָרן (אַרײַנרעכע־נענדיק אויך די באַרג־אינדוסטריע) 4760 אומגליק־פאַלן בײַ קינדער און יוגנטלעכע ביז 18 יאָר. געווען איין פאַל, ווען אַ ייִנגל פון 13 יאָר, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס אַ צוהעלפער בײַ אַ וואַרשטאַט, האָט פאַרלאָרן די רעכטע האַנט. דערדאָזיקער ייִנגל האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט דעם באַשטימטן עלטער, וועלכער איז פאָרויס־געזען דורכן געזעץ. אים איז אויסגעקומען זיך צו באַנוגענען מיט דעם, וואָס דער אונטערנעמער האָט באַצאָלט די הויצאָעס פאַרן דאָקטער און אַרויסגעגעבן 4 דאָלער אַלס אַרבעטלויזן פאַר אַ וואָך!

אַ צווייטער פאַל איז פאָרגעקומען אין פּענסילוואַניע מיט אַ 15־יאָריקן ייִנגל, וועלכער האָט 5 אַזייגער אינדערפרי אויסגעלאָדן צײַטונגען פון אַ פּראַכט־אַווטאָמאָ־ביל. דערדאָזיקער ייִנגל איז אַראָפּגעפאַלן פון אַווטאָמאָביל, צעבראָכן זיך דעם שאַרבן און איז אין עטלעכע שאָ אַרום געשטאָרבן. קיין אַרבעט־בילעט האָט ער ניט געהאַט. לאָזן אַרבעטן קינדער אין אַזאַ פריִער שאָ איז אין פּענסילוואַניע פאַרבאָטן. דער אַרבעטגעבער האָט באַצאָלט די הויצאָעס פאַר דער קווורע. די פאַרזיכערונג־געזעל־שאַפט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פאַראַנטוואָרטלעכקײַט אַף דעם סמאַך, וואָס דער ייִנגל האָט געאַרבעט טראָץ דעם עקזיסטירנדיקן פאַרבאָט.

ניו־דזשערסי. אַף די קאָנסערוון־זאַוואָדן איז פאַרעגיסטרירט אַרבעט פון קינדער, אָנהייבנדיק פון 6־יאָריקן עלטער. פון דער אויסגעפאָרשטער גרופּע קינדער, וואָס אַרבעטן אין דערדאָזיקער אינדוסטריע, זײַנען געווען 544 קינדער ביז 15 יאָר, און 334 זײַנען געווען ייִנגער פון 14 יאָר. די אַרבעט אַף די קאָנסערוון־זאַוואָדן, באַזונדערס אַף יענע, ווו עס ווערן באַאַרבעט אַזוינע פּראָדוקטן, וואָס ווערן גיך פאַרדאָרבן, קומט פאָר באַנאַכט אויך.

לויט די ציפער פונעם „כוידעש־זשורנאַל פון אַרבעט־מיניס־טעריום אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע" פאַר סענטיאַבער 1930, אַרבעטן די קינדער אין אַלע קאָנסערוון־זאַוואָדן, כוץ אייניקע זאַוואָדן אין דער אומגעגנט פון ניויאָרק און אין שטאַט וויסקאָנסין, געווײנלעך די פולע אַרבעט צײַט פון די דערוואַקסענע. 69% פון דער אויסגעפאָרשטער גרופּע פון 3156 קינדער אין 6 שטאַטן האָבן געאַרבעט 10 שאָ און מער, 22%—12 שאָ, 37% קינדער האָבן געאַרבעט באַנאַכט.

אין דער קוילן־אינדוסטריע פון די פאַרייניקטע שטאַטן, אַף די אונטערערדישע אַרבעטן, אַרבעטן יוגנטלעכע אין עלטער פון 16—13 יאָר בײַ אַן אַרבעט־טאָג, וואָס איז אַזוי לאַנג, ווי דער אַרבעט־טאָג פון די דערוואַקסענע אַרבעטער.

איליַנאָיס. לויט די אָפיציעלע מיטיילונגען פונעם אַרבעט־מיניסטעריום, איז בלויז פאַר איין יאָר מיט 170 קינדער ייִנגער פון 16 יאָר פאָרגעקומען אומגליק־לעכע צופאַלן אַף דער אַרבעט.

65 פּראָצענט פון דידאָזיקע קינדער זײַנען אָנגענומען געוואָרן אַף דער אַרבעט קעגן די עקזיסטירנדיקע געזעצן. אין דעמדאָזיקן צעטל פון די 170 קאָרבאָנעס זײַנען אַרײַן בלויז די פאַרעגיסטרירטע צופאַלן, ווען די געליטענע האָבן באַקומען אַ געוויסע קאָמפּענסאַציע פאַר זייער באַשעדיקונג פון די באַלעבאַטים. אינעמעסן

אָבער זײַנען אַזױנע אומגליק־פאַלן פּאַראַן אַסאַך מער. אָט איז אַ בײַשפּיל: אַ 10־יאָריקן ייִנגל, װאָס האָט געאַרבעט אױף דער קאָנפעקטן־פאַבריק, האָט די מאַשין אָפּגעשניטן אַ האַנט, האָט דער באַלעבאָס פון פאַבריק אָפּגעזאָגט אים אין דעם רעכט צו באַקומען שטיצע, טײַנענדיק, אַז ער איז אַלײן שולדיק—ער האָט ניט געקענט פאָרזיכטיק באַגאַנגען זיך מיט דער מאַשין.

אױף די אַמעריקאַנישע פאַבריקן באַדינען אַ היפּשע צאָל אַרבעטנדיקע קינדער זעלבשטענדיק די מאַשינען, עלעקטרישע זעגן, דאַמפ־פּרעסן, בױער־מאַשינעס א. א.

װי עס טײלט מיט דער זשורנאַל „אינטערנאַציאָנאַלני מאַיאַק", אַרבעטן אױף פאָרדס אױטאָמאָביל־זאַװאָד אין דעטראָיט די יוגנטלעכע צו 18—12 שאָ אין אַ מעסלעס און באַקומען סאַכאַקל בלױז 15 סענט אַ שאָ. בײַ פאָרדס אונטערנעמונגען זײַנען נאָך ניט געװען אָפּגעשטעלט האָבן אױף אײן זאַװאָד געאַרבעט 5000 יוגנטלעכע.

קאָלאָראַדאָ. די קינדער אַרבעטן אױף די פּלאַנטאַציעס פון צוקער־בוריקעס צו 12 שאָ אַ טאָג. מער פון אַ האַלבן מעטלעס אַרבעטן זײ אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון דער דאָרעמדיקער זון. אַ העלפט פון אַלע אַרבעטער זײַנען קינדער. נײַן און פערציק פון יעדע הונדערט קינדער זײַנען נאָך ניט אַלט קײן 16 יאָר, און יעדער צענטער „אַרבעטער" איז נאָך ניט אַלט קײן צען יאָר.

דידאָזיקע קלײנע שקלאַפן אַרבעטן בלױז פאַרן עסן. דער איבעריקער טײל פון זײער אַרבעטלױן װערט בײַ זײ אָפּגענומען, אַלס שטראָפן. אױב די קינדער האָבן זיך אַפילו מיט קײן זאַך ניט פאַרשולדיקט, טראַכט דער אױפזעער אַלײן אױס עפּעס אַ סיבע, קעדײ אָפּצונעמען בײַ די קינדער די בלוטיק־פאַרהאָרעװעטע גראָשנס.

אַזאַ איז אָן צופּוצונגען די לאַגע פון די קלײנע שקלאַפן אין דער קאַפּיטאַליסטישער קאַטערגע פונעם סאַמע „דעמאָקראַטישן" לאַנד אין דער װעלט—פון די פאַראײניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

## קינדער־אַרבעט אין דײַטשלאַנד.

ניט געקוקט אױפן „שטרענגן" פאַפירענעם פאַרבאָט פון לױנאַרבעט פון קינדער ביז 14 יאָר, װעלכער עקזיסטירט אין דײַטשלאַנד פון 1903־טן יאָר אָן (דערעכאַגעװ באַמערקן מיר, אַז טײלװײַזיקע פאַרבאָטן פלעגן אױך פריִער פּראָקלאַמירט װערן), װענדט דאָך די דאָרטיקע בורזשואַזיע, פאַר װעלכע קײנשום מיטל איז ניט שענדלעך, װען עס האַלט בײַ רײַך װערן, פאָרט אָן דידאָזיקע קינדערשע לױנאַרבעט

אין דײַטשלאַנד עקזיסטירן נאַטירלעך ספּעציִעלע געזעצן װעגן קינדער־אַרבעט. בעװיסע פּערזאָנען טרײסטן זיך מיט אילױזיעס, טראַכטנדיק, אַז דידאָזיקע געזעצן װערן אױסגעפּילט. אַגעװ, װאָס זײַנען דאָס פאַר אַ געזעצן פון דער בורזשואַזער יוריספּרודענץ, װאָס זײַנען אַרױסגעגעבן געװאָרן פאַר די לעצטע יאָרן און װאָס דאַרפן דאָס באַשיצן די אַרבעט פון די קינדער?

אין די סטאטוטן וועגן האנטווערקערײַ (ארויסגעגעבן צווערשט 21/VI 1869, די לעצטע רעדאקציע 23/X 1923) זײַנען פאראן א דרײַ פונקטן בענעגייע דער ארבעט פון קינדער און יוגנטלעכע. דער § 135 פון דידאָזיקע סטאטוטן זאָגט:

„1. קינדער ייִנגער פון 13 יאָר טאָרן ניט זײַן באשעפטיקט אפ אונטער־נעמונגען.

2. קינדער ייִנגער פון 14 יאָר טאָרן ניט ארבעטן מער פון 6 שאָ אין טאָג.

3. יוגנטלעכע פון 14 ביז 16 יאָר טאָרן ניט ארבעטן מער פון 10 שאָ אין טאָג”.

די ווײַמארער קאָנסטיטוציע פון 1919־טן יאָר פּראָקלאמירט אינעם בארימטן § 157: „די ארבעט־קראפט געפינט זיך אונטער א באזונדערן שוץ פון דער מעלוכע”. די מעלוכע „באשיצט” אָבער די ארבעט פון קינדער אפ אזא אופן: אין די אָנמער־קונגען צו די באשטימונגען פון 1923־טן יאָר איז פאראן א דערקלערונג, אז די ארבעט פון קינדער אין קינאָען, טעאטערס, צירקן, סעדער און אלערלײַ פארווײַלונג־ערטער איז דערלויבט אין א פּריִערן עלטער, איידער 10 יאָר, „אויב עס פאָדערן דאָס די העכערע אינטערעסן פון דער קונסט און וויסנשאפט” קינדער, אָנהייבנדיק פון 3־יאָריקן עלטער, קאָנען, לעמאָשל, פאר געלט „ארויסטרעטן אין קינאָ־אופנע־מונגען, אויב דידאָזיקע אופנעמונגען זײַנען ניט שעדלעך פארן געזונט און פארן מאָראל פון די קינדער און ווירקן ניט צופיל אופרעגנדיק אפ זייער פאנטאזיע”.

קאָמענטאריעס צו דערדאָזיקער באשטימונג זײַנען איבעריק.

א באזונדערע אופמערקזאמקײַט גיט אָפּ די געזעצגעבונג וועגן קינדער־ארבעט דער רעליגיעזער דערציִונג (גאטירלעך שפיגלט די גאנצע נעזעצגעבונג פולשטענדיק אָפּ די יעסוידעס פון דער בורזשואז־קאפיטאליסטישער אָרדענונג.

אינעם § 120 פון די סטאטוטן ווערט געזאָגט:

„אין די זונטיקדיקע טעג קאָנען די פארנעמונגען (אָדער ארבעט) דערלאָזן ווערן בלויז אין דעם פאל, אויב די שאָען פון לערנען (אָדער ארבעטן) פאלן ניט צונויפ מיט די שאָען פונעם אלגעמיינעם קירכלעכן גאָט־דינסט, אָדער מיט א ספּעציעל אײַנגעאָרדנטן, מיט דער דערלויבעניש פון די אָרטיקע מאכט־אָרגאנען, גאָט־דינסט פון דער יוגנט פון פארשיידענע רעליגיעס”.

די געזעצגעבונג פון דײַטשלאנד גיט א ברייטע מעגלעכקײַט פאר דער עקספּלו־אטאציע פון קינדער, באזונדערס אין דער לאנדווירטשאפט און די געהילפ־צווײַגן פון דער פּראָדוקציע. לויטן געזעץ איז אין דער לאנדווירטשאפט דערלויבט זיך צו באנוצן מיט דער ארבעט פון „אייגענע קינדער” פון 10 יאָר אָן, און אין דער אינ־דוסטריע—פון 13 יאָר אָן. עס זײַנען אָבער פאראן אסאך פאלן, ווען דידאָזיקע פונקטן פון דער געזעצגעבונג איז מען אויווער.

אין דײַטשלאנד ווערט די לוינארבעט פון קינדער אָנגעווענדעט דעריקער אין דער לאנדווירטשאפט. פאר דער אימפּעריִאליסטישער מילכאָמע האָט די צאָל ארבעטנ־דיקע קינדער אין דײַטשלאנד אָנגעטראָפן אין דעם ערעך פון איין מיליאָן. איצט איז

3. סמירנאָוו. אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס.

דידאַזיקע צאָל באַדייַטנדיק אויסגעוואַקסן. לויט די ציפער פון עדווין גערנלע (דידאַזיקע ציפער זייַנען פובליקירט אינעם בוך „פראַגן פון פּראַלעטאַרישער דער־ציִונג״) אַרבעטן אין דער לאַנדווירטשאַפט 19% קינדער פון שול־עלטער, ד. ה. אַרום 1 900 000 קינדער. אויב מע זאָל דידאַזיקע ציפער אָנעמען און צוגעבן צו איר די צאָל קינדער, וואָס זייַנען פאַרנומען אינעם האַנדל, וואַלד־ווירטשאַפט, וואַרשטאַטן, אין די געהילפ־צווייַגן פון דער פּראָדוקציע (צייַטונג־פאַרקויפער, קורירן, שיך־פוצער), ווערט קלאָר, אַז אין דייַטשלאַנד זייַנען מער פון 2 מיליאָן קינדער געצוווּנגען צו לעבן פון זייער אייגענעם פאַרדינסט.

אָבער, זאָגן מיר נאָכאַמאָל, אַ גאַנץ באַזונדערע באַדייַטונג אין די באַדינגונגען פון דייַטשלאַנד האָט די מאַסן־עקספּלואַטאַציע פון קינדער אין דער לאַנדווירטשאַפט. ווי איז די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע קינדער אינעם דייַטשישן דאָרף? צו וואָס שטרעבן די דייַטשישע אַגראַריער (גרויסע ערד־באַזיצער) אין דער ווייַטער־דיקער אָנווענדונג פון קינדערשער אַרבעט?

אַ ציינישן, מיט גאָרנישט ניט פאַרמאַסקירטן ענטפער גיט די אַגראַריער־פּאַלאַטע אין שלעזוויג־האָלשטיין, וועלכע האַלט די עקספּלואַטאַציע פון קינדער פאַר גאַנץ נאָרמאַל און געזעצמעסיק.

די אַגראַריער־פּאַלאַטע אין דער פּראָווינץ שלעזוויג־האָלשטיין האָט דאָ ניט לאַנג פּובליקירט איר באַריכט פאַרן יאָר 1929/30. אין דעמדאָזיקן באַריכט ווערט געזאָגט:

„אַף דער קאָנפערענץ פונעם דייַטשישן פאַרבאַנד פאַר קינדער־שוץ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 29־טן סעפּטעמבער 1930 אין בערלין מיטן צוועק אייַנ־צושטעלן אַ געזעצגעבערישע באַגרענעצונג פון דער קינדער־אַרבעט, איז די קינדער־אַרבעט אַפן דאָרף פאָרגעשטעלט געוואָרן, ווי אַן אויסערגעוויינלעך שווערע, און אָפטמאָל שעדלעכע פאַרן געזונט. אין קעגנזאַץ צו דעם האַלט די אַגראַריער־פּאַלאַטע, אַז די געזעצגעבערישע רעגולירונג פון קינדער־אַרבעט, אין דער ערשטער ריי — אין דער ווירטשאַפט פון די עלטערן, איז דאָסזעלבע וואָס אַראָפּרייַסן דעם אויטאָריטעט פון די עלטערן אין די אויגן פון די קינדער. אַדאַנק דער אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט באַקומען די קינדער באַצייַטנס די נייטיקע געניטקייַט און הייבן זיך אָן צו אינטערעסירן מיט דער לאַנדווירטשאַפט. אויב דידאָזיקע אַרבעט זאָל ווערן באַגרענעצט, וואָלט דאָס אַנטלויפן פון דאָרף זיך אומגעהויער פאַרשטאַרקט; כוצדעם דאַרף נאָך גענו־מען ווערן אין אַכט, אַז די דרינגענדיקע נויטווענדיקייַט צו דערהאַלטן די אייגענע ווירטשאַפט צווינגט איצט מער, איידער ווען ניט איז, צוצוציִען די קינדער צו די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן, מאַכמעס דער קלייַנער ווירט־שאַפט איז זייער שווער צו באַקומען די נייטיקע אַרבעט־קראַפט אַף מעסיקע לוין־באַדינגונגען״.

עס פאַרשטייט זיך, אַז עס גייט זיי ניט אינעם אויטאָריטעט פון די עלטערן. מע דאַרף קוקן טיפער. די זאַך איז, וואָס אָן דער עקספּלואַטאַציע פון קינדער־אַרבעט ווייַזט זיך אַרויס, איז ניט מעגלעך אייַנצוהאַלטן די הערשנדיקע קאַפּיטאַ־ליסטישע סיסטעם. דאָס טאַקע האָבן געזאָגט די אַגראַריער פון שלעזוויג־האָלשטיין

אין זייער באריכט. עס פארשטייט זיך, אז די ברויט־מאגנאטן קאָנען זיך ניט באגיין אָן דעם מאסנהאפטיקן אָנווענדן די ארבעט פון לוינארבעטער אין זייערע ווירטשאפטן. אָבער דאָס לוינט זיי ניט צו זאָגן, איז לאָזן זיי א „טרער"... ס'ארא פאָטערלעכע הארצלעכקייט, וויפל „קריסטלעכע" ווארעמע מיטגעפיל צו זייערע „ברידער"!

אפילע די פאָרשטייער פון דער בורזשואזער קלאסן־מעדיצין זיינען געצווונגען כאָטש אָן כיישעק צו אָנערקענען די אויסערגעוויינלעך שעדלעכע פאָלגן פון דעם עקספּלואטירן די קינדער. אָט וואָס עס שרייבט איינער א בורזשואזער מעדיציניש ער זשורנאל אין דייטשלאנד:

„קימאט 50% קינדער, וואָס ארבעטן אין דער לאנדווירטשאפט אין שלעזיע, האָבן ניט די געהעריקע צייט אפ שלאָפן. אזויווי די דערוואקסענע,



בילד 8, 9. יאפּאָנישע פויערשע קינדער.

שלאָפן אויך די קינדער ניט ביז 11 אזייגער, און ווינטער, בייסן פליקן פעדערן, שלאָפן זיי אָפטמאָל ניט ביז 2 אזייגער באנאכט. 20% קינדער שטייען אויף 5 אזייגער, קעדיי צו געבן דעם פי קאָרמע, איידערן אוועקגיין אין שול. די פארמיטלער אפ דינגען ארבעט־קראפט אין דער לאנדווירטשאפט בא דער ארבעט־פארוואלטונג מעלדן לאקאָניש, אז אינעם פעריאָד פון די שול־פארנעמונגען ארבעטן די קינדער צו 8 שאָ, און אין די קאניקולן—10—9 שאָ, און זיי האלטן, אז דאָס דארף אזוי זיין. אייניקע דערציילן וועגן 6־שאָיִקער ארבעט אין דער שול־צייט און וועגן 12־10־שאָיִקער בייס די קאניקולן..."

בענעגייע די פאסטעכער אין שלעזיע באמערקט דער זשורנאל:

„אָפטמאָל קומען אָן אָנקלאגעס וועגן אויסקרימונג פונעם רוקנביין צוליבן שלעפן מאסאָעס און וועגן פארקילונג־קראנקייטן אין רעזולטאט פון דער ארבעט פון די קינדער־פאסטעכער אין די נאסע, קאלטע טעג אין הארבסט און אין פרילינג.

פון די סטאטיסטישע ציפער אינעם קרייז אָסטערהאָלצ־שלאמבעק קאָן מען זען, אז 12־14־יאָריקע קינדער זיינען געצוווּנגען אויסצופילן ניט נאָר א וועלכע ס׳איז איינ ארבעט, נאָד א גאנצע ריי שווערע ארבעטן. אויב מען זאָל די ארבעט פאנאנ־דערטיילן אפ אירע פארשיידענע מינים, וועט זיך באקומען אזא בילד:

| ע ל ט ע ר | 9 יאָר | 10 יאָר | 11 יאָר | 12 יאָר | 13 יאָר | 14 יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| די צאָל קינדער פון דעם געגעבענעם עלטער . | 582 | 550 | 241 | 205 | 236 | 34 |
| געצווּנגענ אויסצופילן שווערע ארבעט אינ גאָרטנ | 35 | 47 | 28 | 37 | 60 | 9 |
| ארומנייג ארום די פי און קאָרמענען זיי . | 102 | 119 | 50 | 85 | 85 | 17 |
| בא טאָרפ-ארבעט . . . . . | 99 | 118 | 57 | 54 | 82 | 11 |
| אפ אנדערע שווערע ארבעטנ . . . | 49 | 70 | 40 | 52 | 52 | 5 |



בילד 10. כינעזישע קינדער.

א באזונדער אופמערקזאמקייט פאדינען די ערשטע דריי גרופן קינדער—פונעם עלטער 9, 10 און 11 יאָר. אינ דעמדאָזיקן עלטער איז אזא שווערע פיזישע ארבעט אומדערהערט און ניט דערלאָזבאר. באזונדערס שעדלעך און געפערלעך פארן געזונט איז די ארבעט אפ די טאָרפ־זומפן,—שטענדיק אין וואסער און אין דער אויסדאמ־פונג פונעם זומפ־גאז.

אדאנק דער מאטעריעלער נויט האָבן אינ דעמדאָזיקן אָסטערהאָלצ־שלאמבעקער קרייז אנ אוּמגעהויערע מאסע קינדער, דורכשניטלעך 67,4% אפילע קיין בעטן ניט, וווּ זיי זאָלן קאָנען שלאָפן ווי געהעריק. גאנצ אָפט קומט זיי אויס צו שלאָפן זאלבעדריט אינ איינ בעט.

דער גרעסטער טייל פון די אויבן אויסגערעכנטע ארבעטנדיקע קינדער לייגן זיך שלאָפן צו שפעט און עס ווערט אזויארום פון זיי אָפגענומען 3—2 שאָ פונ

זייער העכסט נויטווענדיקער פאר זיי באנאכטיקער אָפּרו־צײַט; זומער קומט זיי אויס אופצושטיין 6 אזייגער אינדערפרי, און ווינטער—7 אזייגער. לויט די פאראנענע ציפער וועגן דעמדאָזיקן קרײַז:

| שלאָפן | עלטער | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 9 יאָר | 16 יאָר | 11 יאָר | 12 יאָר | 13 יאָר | 14 יאָר |
| 7 שאָ | 66 קינדער | 30 קינדער | 8 קינדער | 5 קינדער | 2 קינדער | — |
| 8 „ | 258 „ | 177 „ | 34 „ | 22 „ | 10 „ | 1 קינד |
| 9 „ | 222 „ | 268 „ | 144 „ | 126 „ | 145 „ | 29 קינדער |
| 10 „ | 36 „ | 74 „ | 54 „ | 52 „ | 73 „ | 4 „ |
| $10^1/_2$ „ | 0 „ | 1 „ | 1 „ | 0 „ | 0 „ | 0 „ |
| אזויארום האָבן ניט קיין גענוגנדיקע צײַט אפּ שלאָפן: | | | | | | |
| | 88,6% | 64,4% | 82,8% | 86,8% | 95% | 11,7% |

דער ארבעטסלוין איז אזוי קליין, אז וועגן אים איז שוין גלײַכער ניט צו ריידן: די קינדער פארדינען קוים פאר זיך אפּ צו עסן. די סאניטאר־היגיענישע באדינגונגען פון דער ארבעט זײַנען אבסאָליוט אומבאפרידיקנדיק. קיין שום קולט־דער־ציִערישע ארבעט ווערט מיט די קינדער פון דערדאָזיקער קאטעגאָריע ניט געפירט. בלויז די פאטערס, וואָס גייען אום שלינג און שלאנג, פירן א רעליגיעזע באארבעטונג פון די נאָך „אומשולדיקע מאלאָכימשע נעשאָמעס".

א היפשע צאָל פראָלעטארישע קינדער ארבעטן אויך אין די שטעט. אזוי, למשל, זײַנען לויט די ציפער פון דער זאקסישער פאבריק־אינספעקציע פארן יאָר 1929 בלויז באם האנדל און אין דער אינדוסטריע אין זאקסן אליין געווען פארנומען 30124 קינדער. מער אויספירלעכע ציפער קאָן מען זען אין דער פאָלגנדיקער טאבעלע:

| ארמיניסטראטיווער קרײַז | צאָל קינדער | | | | | צאָל קינדער, וואָס ארבעטן טראָץ דעם עקזיסטירנדיקן פארבאָט אין דער אָרדענונג פון ארבעט־שוץ | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אייגענע | פרעמדע | ייִנגלעך | מיידלעך | סאכאקל | אייגענע | פרעמדע | סאכאקל |
| באוטצען . . . | 496 | 1817 | 1224 | 539 | 1813 | 189 | 379 | 518 |
| כעמניץ . . . . | 1733 | 4672 | 4346 | 2059 | 6405 | 529 | 1352 | 1951 |
| דרעזדען . . . | 1530 | 2419 | 2971 | 978 | 3949 | 1071 | 1037 | 3108 |
| לייפציג . . . . | 854 | 2477 | 2107 | 624 | 2731 | 54 | 991 | 1045 |
| צוויקאו . . . . | 1957 | 3269 | 3416 | 1810 | 5228 | 935 | 830 | 1764 |
| סאכאקל . . | 5970 | 14155 | 14064 | 6060 | 20124 | 2780 | 4589 | 7387 |

דער ווילקיר פון די אונטערנעמער שפּיגלט זיך אָפּ בלויז אין א קליינער מאָס אין דער ציפער 7387 קינדער, „וואָס ארבעטן טראָץ דעם עקזיסטירנדיקן פארבאָט אין דער אָרדענונג פון ארבעט־שוץ". לויט דערזועלביקער סטאטיסטיק פון דער פאבריק־אינספּעקטור, לויט די אָפיציעלע ציפער זיינען אין יאָר 1929 אין זאקסן געווען פארנומען אין דער אינדוסטריע, אין האנדל, אין לאנד־ און וואלד־ווירטשאפט און אַף הויז־ארבעט—40562 קינדער, וואָס עס טרעפט אָן 7,9% לעגאבע אלע קינדער פון שול־עלטער.

דאָס אויוער זיינן אַף די סאמע עלעמענטארע קלאָלים פון קינדערשער ארבעט־שוץ אין דייטשלאנד וואקסט נאָכאנאנד. מישפעטנדיק לויט די באריכטן פון די פאבריק־אינספעקטאָרן פון זאקסן, בראונשוויג און פריסן פארן 1928־טן יאָר, האָבן זיך פארמערט די צופאלן פון העכערן די ארבעט־צייט פון די ארבעטנדיקע קינדער. מע מוז אָבער באמערקן, אז די פאבריק־אינספעקטאָרן האָבן דעריבער בלויז די פאקטן פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען (אין דער צאָל אויך פון פארשיידענע ווארשטאטן), אָבער ניט וועגן יענע קינדער, וואָס זיינען פארנומען אין דער לאנדווירטשאפט, אין די געהילף־פּראָדוקציעס א. א. וו., ווו עס זיינען קאָנצענטרירט די גרונט־מאסן פון די ארבעטנדיקע קינדער און ווו דער פּראָצענט פון אויוער זיינן אַף די געזעצגעבונגען איז, אָן סאָפעק, אסאך א העכערער. אָט זיינען די ידיעות וועגן זאקסן, בראונשוויג און פריסן:

צאָל פאלן פון אויוער זיין אַף די געזעצן

| | 1917־טער יאָר | 1928־טער יאָר |
|---|---|---|
| זאקסן (יינגער פון 16 יאָר) . . | 933 | 1066 |
| בראונשוויג (יינגער פון 16 יאָר) . | 189 | 206 |
| פריסן (יינגער פון 14 יאָר) . . | 88 | 203 |

נאָכאנאנד וואקסט די צאָל פאלן פון „צווייפלהאפטיקער" (ד. ה. אומגעזעצלעכער אפילו פונעם שטאנדפונקט פון די בורזשואזע געזעצן) אָנווענדונג פון קינדער־ארבעט. לויט דעם דערמאָנטן יאָריקן באריכט פון דער זאקסישער פאבריק־אינספעקציע פארן יאָר 1929 זיינען אזוינע „צווייפלהאפטיקע פאלן" געווען:

| | | |
|---|---|---|
| אין יאָר 1916 | . . . . . . . | 16,2% |
| „ „ 1927 | . . . . . . . | 20,9% |
| „ „ 1928 | . . . . . . . | 26,6% |
| „ „ 1929 | . . . . . . . | 36,7% |

און אין יאָר 1929 בלויז אין דרעזדען אליין—52%.

די פאבריק־אינספעקטאָרן פון זאקסן האָבן באם אויספאָרשן 3048 אונטערנעמונגען קאָנסטאטירט 2635 פאלן פון אויוער זיין אַפן געזעץ וועגן קינדערשער ארבעט־שוץ, דערביי איז מען בלויז אין 28 פאלן פאר דעם באשטראָפט געוואָרן. ניט עמעס— די פאבריק־אינספעקטאָרן באגייען זיך זייער איידל מיט דער בורזשואזיע, וועלכע גיט זיי דערפאר אָפּטער א קליינע מאטאָנע.

אלס קאָנקרעטע פאקטן פון אויווער זײַנ אפּנ גענעצ קאָנ מענ ברענגענ פאָלגנ־דיקע צוויי בײַשפּילנ:

„אפ איינער א וועש־פאבריק האָבנ געארבעט 4 מיידלעכ פונ שול־עלטער צו 58 שאָ אינ וואָכ בייס די קאניקולנ אונ באקומענ פאר דעם צו 5—4 פעניג א שאָ. אפנ אונטערנעמער איז ארופגעלייגט געוואָרנ א שטראָף אינ דעם סכום פונ 50 מארק".

„איינער א סויכער פלעגט נייטנ דעם ייִנגל צו לויפנ אינ שליכעסנ ביז 9 שאָ טעגלעכ. די דורכנ גענעצ איַינגעשטעלטע איבעררײַסנ זײַנענ ניט אָפּגעהיט געוואָרנ 200 מאָל. אפנ סויכער איז ארופגעלייגט געוואָרנ א שטראָף אינ דעם סכום פונ 25 מארק".

לויט דערזעלביקער אויספאָרשונג האָבנ 659 קינדער געארבעט אָנ רעכענונג־ביכלעכ. אינ 424 פאלנ האָבנ די קינדער געארבעט ניט קיינ פארעגיסטרירטע דורכנ ארבעטגעבער.

פונ די באריכטנ פונ דער פאבריק־אינספעקציע איז קענטיק, אז אפילע די מיזערנע פאָדערונגענ פונ דער קינדערשער ארבעט־שוץ ווערנ אינ לעבנ ניט דורכגעפירט, אונ אז די פאבריק־אינספעקטאָרנ זײַנענ ניט אימשטאנד פעסטצושטעלנ אלע פאלנ פונ אומגעזעצלעכנ אָנווענדנ קינדער־ארבעט: אפ 5000 אונטערנעמונגענ, ווו עס ארבעטנ אנ ערעכ 60 000 ארבעטער, זײַנענ פאראנ בלויז 2 אינספעקטאָרנ.

אינ 1928־טנ יאָר איז אינ פרײַסנ, אינ דער שטאָט שטאדע, ארופגעלייגט געוואָרנ 52 שטראָפנ פארנ לאָזנ ארבעטנ 15־יאָריקע יוגנטלעכע אינ מעשעכ פונ 12 שאָ אינ מעסלעס [1]). אינ לינדענ זײַנענ אפ די אונטערנעמער ארופגעלייגט געוואָרנ שטראָפנ פארנ אויווער זײַנ אפ די סטאטוטנ וועגנ דער ארבעט־צײַט. די יוגנטלעכע פלעגנ ארבעטנ מיט 2 שאָ לענגער, איידער די דערוואקסענע. אינ ארנסבערג זײַנענ אינ די וועלגער־צעכנ אופגעדעקט געוואָרנ אסאכ פאלנ פונ אויווער זײַנ אפּנ גענעצ וועגנ דער ארבעט־צײַט פאר 14 אונ 16 יאָריקע קינדער אונ יוגנטלעכע. אינעם קרײַז פּאָטסדאם זײַנענ אופגעדעקט געוואָרנ זייער אסאכ פאלנ פונ אויסנוצנ די ארבעט פונ קינדער, ייִנגערע פונ 13 יאָר, אינ די פלייש־קראָמענ, שעכט־הײַזער, בעקערײַענ, שלאָסער־ווארשטאטנ אונ ציגל־זאוואָדנ. ענלעכע מיטיילונגענ זײַנענ אויכ פאראנ פונ בײַערנ. אינעם קרײַז שוואבענ, אשטייגער, זײַנענ פארעגיסטרירט פאלנ פונ 10—9־שאָיִקע ארבעט־טעג פאר קינדער אונ יוגנטלעכע פונ 16—13 יאָר אָנ א שום איבעררײַס אינ דער צײַט פונ דער ארבעט. אונ ווי עס זאָלנ דידאָזיקע יעדיִעס זײַנ ניט קיינ אויסשעפנדיקע, זײַנענ זיי דאָכ גאנצ גענוג איבערצײַגנדיק.

---

1) אסאכ פאקטנ פונ דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע פונ קינדער אונ יוגנטלעכע אינ דײַטשלאנד האָבנ מיר גענומענ סײַ פונ פארשיידענע אויסלענדישע זשורנאלנ אונ סײַ פונעם זאמלבוכ „די ארבעט פונ דער יוגנט אינעם סאָוועטנפארבאנד אונ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער". דער זאמלבוכ איז צונויפגעשטעלט דורכ דער וויסנשאפטלעכער ביוראָ פונ פּאָלקאָמארבעט פונ פ.ס.ס.ר, פארלאג „יונגע גוואַרדיע" 1931.—א. ס.

אינ זייער ראָלע פונ „פארמיטלער״ צווישנ דער רעגירונג אונ די קאפיטאליסטישע אונטערנעמער היטנ זיכ די פאבריק־אינספעקטאָרנ צו „באאוולענ״ דידאָזיקע לעצטע, רופנ זיי ניט אָנ בא די נעמענ אינ זייערע באריכטנ אונ ווײַזנ אָפטמאָל אפילע ניט אָנ די אינדוסטריעלע צווײַגנ אונ אונטערנעמונגענ, וווּ די פאלנ פונ איוועער זײַנ אפנ געזעצ זײַנענ אנטדעקט געוואָרנ.

עס זײַנענ אָבער פאראנ פארצייכענונגענ מער פּינקטלעכע. לויט דער אנקעטע, וואָס דער אלדײַטשישער קאָמיטעט פונ די יוגנט־פארבאנדנ האָט נאָכ אינ יאָר 1928 דורכגעפירט, איז די דורכשניטלעכע לענג פונ ארבעט־טאָג פאר יוגנטלעכע אינ דײַטשלאנד געווענ אינ די גרויסע שטעט (ארײַנרעכענענדיק די איבערשאָענ אונ די ארבעט אפ צוקלײַבנ אונ אפ באזוכנ די פּראָפשולנ)—10,35 שאָ, אינ די מיטעלע שטעט—9,45 שאָ אונ אינ די דאָרפישע געגנטנ—10,4 שאָ.

באזונדערס אָפטע פאלנ פונ איוועער זײַנ אפנ געזעצ וועגנ דער ארבעט־צײַט זײַנענ אופגעדעקט געוואָרנ אינ 1928־טנ יאָר אינ די בעקערײַענ. אזוי, לעמאָשל ווערט אָנגעוויזנ, אז אינעם קרײַז זיגמארינגענ זײַנענ די בעקער־אונטערנעמער זייער אָפט איוועער אפ די קלאָלים וועגנ נאכט־ארבעט סײַ בענויגייע די דיִרוואקסענע ארבעטער אונ סײַ באזונדערס בענויגייע דער יוגנט. אינעם קרײַז קעלנ זײַנענ ארופּגעלייגט געוואָרנ 234 שטראָפנ אפ די בעקער פאר דער נאכט־ארבעט פונ קינדער. אינ דער פּראָווינצ בראונשווײַג זײַנענ אינ די בעקערײַענ אנטדעקט געוואָרנ פאלנ פונ רעגולערער ארבעט פונ 15־יאָריקע יוגנטלעכע פונ 2 אזייגער אינדערפרי ביז 7 אזייגער אינאָוונט. דידאָזיקע יוגנטלעכע ארבעטנ אזוי ארומ א 17־שאָיקנ ארבעט־טאָג.

אינ מאגדעבורג האָבנ 15—14־יאָריקע מיידלעכ אונ יינגלעכ געארבעט אינ די שטיינ־גרובנ פונ האלב זעקס אזייגער אינדערפרי ביז 8 אזייגער אינאָוונט.

אינעם קרײַז קאָבלענצ, אינ די אײַזנ־קאָנסטרוקטערישע ווארשטאטנ, האָבנ יינגלעכ אונטער 14 יאָר געארבעט טעגלעכ פונ אינדערפרי ביז 11 אזייגער באנאכט, מיט אנ איבערײַס אפ 15 מינוט. זיי האָבנ געוווינט ווײַט פונ די ווארשטאטנ אונ פלעגנ קומענ אהיימ פונ דער ארבעט ערשט צו 12 אזייגער באנאכט.

אפילע אינ בערלינ איז אינ איינ רעסטאָראנ אנטדעקט געוואָרנ, אז א 14־יאָריקע מיידל פלעגט ארבעטנ פונ 9 אזייגער אינדערפרי ביז 3 אזייגער באנאכט אָנ וועלכע עס איז אײַנגעשטעלטע איבערײַסנ.

א שטײַגנדיקע עקספּלואטאציע פונ קינדער אונ יוגנטלעכע איז פאראנ אויכ אינ די אונטערנעמונגענ, וואָס האָבנ א פארווײַלונג־כאראקטער. אזוי, לעמאָשל, זײַנענ אינ די טעאטראלע אונטערנעמונגענ פונ דײַטשלאנד 9־אונ 12־יאָריקע קינדער פארנומענ אפ רעפּעטיציעס אונ ספּעקטאקלענ פונ אינדערפרי ביז האלב עלפ אזייגער אינאָוונט אונ נאָכ שפּעטער. אינ די מאָדע־מאגאזינענ זײַנענ געוויינלעכ פארנומענ אפילע 4—6־יאָריקע קינדער אלס לעבעדיקע מאנעקענענ באמ אויסשטעלנ קינדערשע מאָדעס אונ אינ פארשיידענע האנדל־רעקלאָמעס. די נויט צווינגט די יינגלעכ, די אזוי גערופענע „פּאזשנ״, אינ די טײַערע האָטעלנ אָפּצושטיינ אינ גארדעראָב־צימער ביז 1 אזייגער באנאכט מיט דער האָפענונג אפ א בעסערנ בירגעלט. די נויט צווינגט די קינדער צו נעמענ אפ זיכ פארשיידענע אופטראָגנ באמ פאנאנדערטראָגנ די צײַטונגענ; פאר א פּאָר גראָשנ ווערנ אויסגעפילט אופטראָגנ, וואָס פאָדערנ דורכצו־

גיין ווײַטע שטרעקעס, צו שלעפּן מאַסאָעס און וואָס פאַרלענגערן די אַרבעט־צײַט גאָר אָן אַ סאָף.

די ווײַטערדיקע פאַרטיפערונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס און די פאַרקירצונג פון דער פּראָדוקציע צוליבן קריזיס, די אומגעהויערע אַרבעטלאָזיקייט, וואָס האָט צו ווינטער דערגרייכט אין דײַטשלאַנד 6 מיליאָן, האָבן, דוכט זיך, געדאַרפט שטאַרק באַגרענעצן די אָנווענדונג פון קינדערשער לוינאַרבעט. אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז גאָר פונקט פאַרקערט. דורך דער פּאָליטיק פון דרוק אַפן לעבנ־ניוואָ פונעם פּראָלעטאַריאַט, לייגט די דײַטשישע בורזשואַזיע אַריבער די קאָסטן פונעם אַלוועלט־לעכן עקאָנאָמישן קריזיס אַפן אַרבעטער־קלאַס. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז פון 1929־טן יאָר, ד. ה. פון אָנהייב קריזיס, דריקט זיך אויס די אַלגעמיינע סומע פון דער פאַרקלענערונג פונעם אַרבעטלוין אין דער גראַנדיעזער סומע פון אַן ערעך 14 מיליאַרד מאַרק, און אַז דער איצטיקער אַרבעטלוין פונעם דײַטשישן אַרבעטער טרעפט אָן גאָר און גאָר בלויז אַ העלפט פונעם לעבנס־מינימום. עס איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דידאָזיקע אומשטענדן — די אַרבעטלאָזיקייט און די פאַרקלענערונג פונעם אַרבעט־לוין — זײַנען די אַנטשיידנדיקע סיבעס פון דעם, וואָס עס וואַקסט די עקספּלואַטאַציע פון קינדער־אַרבעט אין דײַטשלאַנד, ווי אויך אין די אַנדערע קאַפּי־טאַליסטישע לענדער.

# קינדער-אַרבעט אין כינע.

די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע איז אויך אַרײַנגעדרונגען אין כינע, דערי־קער אַף די אויסלענדישע פאַבריקן פון שאַנכײַ, טיאַנצזין, צינדאַאָ, דײַרען. דער רעזולטאַט פון דערדאָזיקער „ראַציאָנאַליזאַציע" איז דאָס אָפּזאָגן אַרבעטער, די פאַר־לענגערונג פונעם אַרבעט־טאָג, די פאַרגרעסערונג פון דער אַרבעטלאָזיקייט. עס וואַקסט די צאָל פרויען און באַזונדערס קינדער, וואָס אַרבעטן אין דער לײַכטער אינדוסטריע.

אונטער דער ווירקונג פונעם קאַמף פון דער אַרבעטער־יוגנט סטאַרעט זיך די גאָמינדאַנישע רעגירונג צו געבן געוויסע צוזאָגן די יונגע אַרבעטער און אַרבעטנ־דיקע קינדער. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז דאָ ניט לאַנג אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אַזוי גערופענער „פאַבריק־געזעץ".

ווען די רעגירונג האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערצואַרבעטן דעם „געזעץ וועגן אַרבעט", וואָס פאַרשקלאַפט די אַרבעטער, האָט דער „מענטשנפרײַנטלעכער" דאָקטער טשענ־טאַ און די קריסטלעכע אַסאָציאַציע פון יונגעלײַט אין שאַנכײַ, מיט וועלכער ער פירט אָן, זיך אַרויסגערופן אַרײַנצוטראָגן זייערע פאָרשלאָגן וועגן קינדער־אַרבעט.

דאָקטער טשענ־טאַ האָט פאָרגעשלאָגן.

פאַר קיין פאַל ניט אָפּשאַפן די קינדער־אַרבעט. אין די נאָענטסטע דרײַ יאָר אַפילו ניט ריידן וועגן דעם...

אײַנשטעלן פאַר קינדער אַלס מינימום אַ 10־שאָיִקן אַרבעט־טאָג.

אָנעמענ אפּ דער ארבעט קינדער פונ 12 יאָר אונ לויט דער כינעזישער צײַט־רעכענונג:

(דאָס איז אנ ערעכ 10 לויט דער אייראָפּײַישער רעכענונג).

אונ ווײַטער אָנרופנ די קליינע שקלאַפנ ניטארבעטנדיקע קינדער, נאָר יונגע ארבעטער.

מיט וואָס דערקלערט טשענ־טא די נייטיקײַט פונ דעמ אלעמענ?

ער זאָגט דאָס גאנצ אָפנ: מיט די אינטערעסנ פונ די פאבריקאנטנ.

דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט ארויסגערופנ א מוירעדיקנ אָנגריפ פונ דער בור־זשואזיע אפנ ארבעטער־קלאס פונ כינע. אינעמ רעזולטאט פונעמ פארקירצנ די דער־וואקסענע ארבעטער ווערנ אפּ זייער אָרט אָנגענומענ אפּ פארשקלאפנדיקע באדינ־גונגענ קינדער אונ פרויענ.

קײַנ גענויע ציפער וועגנ דעמ פארנעמ פונ אָנווענדנ קינדער־ארבעט אינ כינע זיינענ ניטאָ, מאכמעס קיינ סטאטיסטישער דיסקאָנט פונ דער קינדער־ארבעט ווערט דאָרטנ ניט געפירט. עס איז אָבער באוווסט א גרויסע צאָל קינדער, וואָס ארבעטנ אינ דער טעקסטיל־, שוועבעלעכ־, זײַד־ אונ פאפּיראָסנ־אינדוסטריע, ד. ה. דעריקער אינ דער לײַכטער אינדוסטריע.

אינטערעסאנט איז צו פארגלײַכנ די ציפער וועגנ קינדער־ארבעט אפילע כאָטש אינ שאנכײַ גופע לויט פארשיידענע קוועלנ. לויט די ציפער פונעמ סעקרעטאריאט פונ די פּראָפּפאריינענ אינ שאנכײַ, זײַנענ אינ יאָר 1929 געווענ 94000 ארבעטנדיקע קינדער, אונ לויט די ציפער פונעמ אימפּערישנ קאָמיטעט אפּ אויספאָרשנ די ארבעט פונ קינדער זײַנענ געווענ בלויז 21.900 קינדער (!) לויט די ציפער פונעמ קריסט־לעכנ יוגנט־פארבאנד שטײַגט דידאָזיקע צאָל אריבער 150,000; לעסאָפּ, האָט דער געמיינדע־ראט פונ שאנכײַ אינ 1929־טנ יאָר פּובליקירט, אז אינ די 10 רײַאָנענ פונ שאנכײַ ארבעט אפּ 275 פאבריקנ 168.815 קינדער. אָבער עס איז קלאָר, אז דידאָ־זיקע ציפער איז אויכ פארקלענערט.

איז וויפל זשע קינדער ארבעטנ אינ גאנצ כינע אפּ לוינארבעט?

אפּ די טעקסטיל־פאבריקנ פונ טשענ־גאו אונ אוּו־טשאָנג, אינ דער פּראָווינצ באָניי, ארבעטנ 1300 ארבעטער, פונ דער צאָל זײַנענ 800—700—קינדער. אפּ דער טעקסטיל־פאבריק אינ רעי־גוי אינ בואשענ זײַנענ פאראנ ארומ 100 קינדער. א גרויסע צאָל קינדער ארבעטנ אינ די ארצ־גרובנ פונ טאנגאשאניי, טשיטשאו אונ אפּ די טעקסטיל־פאבריקנ פונ טינטאו, דײַרענ אונ מאנדזשוריע. עס איז קלאָר, אז די צאָל ארבעטנדיקע קינדער אפנ צאָפנ מוזנ זײַנ זייער גרויס. אויב מע זאָל נעמענ אינ אכט די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס פונ לאנד: שאנכײַ, רולאנ, האַנקאָנג, טיאנצזינ, נאנקינ, רוזי, טווינגטאו אונ דײַרענ, דארפ די אלגעמיינע צאָל ארבעטנ־דיקע קינדער אינ עלטער פונ 5 ביז 14 יאָר געשאַצט ווערנ אריבער 800.000. אויב אָבער מע זאָל צו דידאָזיקע 800.000 נאָכ צוגעבנ די צאָל שילער־יוגנטלעכע, וואָס ארבעטנ אפּ די פאבריקנ אינ גאנצ כינע, וועט באמ סאמע באשיידענעמ כעשבנ די אלגעמיינע סומע דערגרייכנ 3.000.000 עקספּלואטירטע מינדעריעריקע ארבעטער.

אפילע לויט דער אָנערקענונג פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעט־ביוראָ בא דער פעלקער־ליגע ארבעטנ אינ כינע ניט וויניקער פונ 3.000.000 קינדער.

די סטאטיסטישע ציפער פונעם מוניציפאל־ראט פון צווישנפעלקערלעכן סעטלמענט אין שאנכײַ פארן 1929־טן יאָר ווײַזן אָן אף דער אומגעהויערער אָנווענדונג פון ליוונ־ארבעט פון קליינע מיידלעך. אָט זײַנען דידאָזיקע ציפער:

| געגנט (שאנכײַער ראַיאָן) | אונטער 12 יאָר: יינגלעך | אונטער 12 יאָר: מיידלעך |
| --- | --- | --- |
| כארבינ—ראָד . . . . . | 2675 | 3036 |
| וויישייד—ראָד . . . . | 8321 | 8300 |
| יאנגצעפו—ראָד . . . . | 11189 | 29293 |
| גאָרדאָנ . . . . . | 17205 | 30473 |
| וועסט־כאנקאָו . . . . | 389 | 926 |
| סינ־טשא . . . . . | 306 | 2292 |
| כאנקאָו . . . . . | 150 | 1950 |
| צענטראל . . . . . | 450 | 1000 |
| טשאפיי . . . . . | 1308 | 15702 |
| פוטונג . . . . . | 2449 | 6269 |
| סאכאקל . . | 44425 | 103241 |

דידאָזיקע קינדער ארבעטן דאָסראָוו אף די טעקסטיל־פאבריקן, אף די זײַד־פאבריקן, אף די בוימוואָל־באארבעטנדיקע פאבריקן, אף די טאבאק־פאבריקן, אף מאַ־שינבוי־זאוואָדן א. א. וו.

ארבעטן ארבעטן זיי 12—14 שאָ א טאָג מיט דערזעלביקער אָנשטרענגונג, ווי די דערוואקסענע.

די קאָמיסיע פונעם מוניציפאליטעט פונעם צווישנפעלקערלעכן סעטלמענט אין שאנכײַ איז אינ איר באריכט געצוווּנגען געווען צו פארפיקסירן:

„אף די טעקסטיל־פאבריקן איז דער ארבעט־טאָג 12 שאָ. די קאָמיסיע האָט געזען בא דער ארבעט אסאך קינדער, וועלכע זײַנען קוים אלט 6־7 יאָר. אף די זײַד־פאבריקן איז די לענג פונעם ארבעט־טאָג 12־13 שאָ. אין דער בוי־ און שיפבוי־אינדוסטריע הייבט זיך אָן די סיסטעם פון דער שילערשאפט פונ צעניאָריקן עלטער... א געוויסער טייל קינדער איז ניט פארשריבן אין דער רעשימע פון די ארבעטנדיקע פון דער געגעבענער אונטערנעמונג. די מוטערס, וועלכע האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט זיי צו האלטן אינדערהיים, ברענגען זיי צוטראָגן. באזונדערס איבעראשט די נאכט־ארבעט”.

לויט די יעדיִעס פון די דעלעגאטן פון דער ארבעטער־יוגנט אין שאנכײַ, האָט אין 1930־טן יאָר אף די בוימוואָל־שפינערײַען פון די יאפּאָנישע פאבריקאנטן די צאָל קינדער אָנגעטראָפן 65 % פון דער גאנצער צאָל ארבעטער. אף אסאך שווע־בעלעך־פאבריקן זײַנען 6־7־יאָריקע קינדער געצוווּנגען צו ארבעטן בא די וואר־שטאַטן אינאיינעם מיט זייערע מוטערס.

אזוינע זײַנען די ארבעט־באדינגונגען פון די קינדער אין כינע. אורטיילנדיק לויטן באריכט פון דער גאָמינדאנישער סאָציִאלער ביוראָ, באקומען די קינדער פאר דער קאטערזשנער ארבעט פון 1 ביז 4 כינעזישע דאָלארן א כוידעש.

לויט די יעדיעס פון איינער א רעאקציאָנערער כינעזישער צייטונג [1] האָט דער מאָנאטלעכער פארדינסט פון די קינדער אין כאנקאָו אין כינעזישע דאָלארן זיך אויס־געדריקט אין פאָלגנדיקע ציפער:

| פראָדוקציע | אכוידעש |
|---|---|
| עלעקטרע־אינדוסטריע | 1,79 |
| מאשין-בוי | 1,74 |
| זייד־אינדוסטריע | 7 |
| זייף־פראָדוקציע | 3 |
| פרעסע | 1 |
| זאָקן־פראָדוקציע | 1,65 |
| לאקירער | 2,26 |
| אף די רייז־מילן | 2,03 |
| גלאָז־פראָדוקציע | 1,65 |

אָבער ניט קוקנדיק אף דעמדאָזיקן נישטיקן פארדינסט, האָט די קינדערשע ארבעט א קאָלאָסאלע באדייטונג אינעם ביודזשעט פון דער פאמיליע פונעם כינע־זישן אָרעמאן. ל. ק. טאָאָס אויספאָרשונג פון 48 ארבעטערשע געזינדן אין בייפין אין 1931־טן יאָר האָט באוויזן, אז דידאָזיקע געזינדן לעבן: 58,6% פון דער האכנאָסע, וואָס עס באקומען די מאנען, 8,8% פון דער האכנאָסע, וואָס עס באקומען די ווייבער, און 21,5% פון דער האכנאָסע, וואָס עס באקומען די קינדער (די איבעריקע האָבן ניט קיין שטענדיקע האכנאָסע).

דערציילנדיק וועגן דער קינדער־ארבעט אין כינע, קאָן מען ניט ניט דערמאָנען וועגן דער שקלאפישער סיסטעם פון דער שילערשאפט.

אין כינע עקזיסטירט די שילערשאפט־סיסטעם „יאנג־טשען־קאָנג", וועלכע בא־שטייט אין דעם, וואָס די עלטערן פארקויפן זייערע קינדער צום מייסטער, וועלכער האָדעוועט זיי אויס און געווינט זיי צו צו דער ארבעט. אזא לערנגייִנגל באקומט פאר זיין ארבעט גאָרנישט ניט, מאכמעס די צען כינעזישע צענט א טאָג, וואָס אים קומט, גייען אינגאנצן אוועק אף באצאָלן די שטראָפן.

אין דער ווירקלעכקייט זיינען די לערן־ייִנגלעך קנעכט פון די באלעבאטים און אפעטראָפסים. זיי ארבעטן אָן אופהער טאָג און נאכט. זיי זיינען אויך געצוווּנגען צו באדינען זייערע באלעבאטים, אפעטראָפסים און זייערע געזינדן. די לערן־צייט דויערט ביז 5 יאָר.

לויט די אויספאָרשונגען פון דער פשאָרעמאכערישער „ארבעטער־צייטונג", וועלכע האָט ארומגעכאפט 36 פאבריק־אינטערנאטן (צוזאמענוווינונגען) פון לערנ־ייִנגלעך, ווייזט זיך ארויס, אז אין 9 פאלן דויערט די ארבעט פון די לערנייִנגלעך 10 שאָ א מעסלעס, אין 14 פאלן—12 שאָ, אין 3 פאלן—13 שאָ און אין 10 פאלן—14 שאָ א מעסלעס.

[1]) דער פאקט איז גענומען געוואָרן פון די נאָטיצן פונעם אינסטיטוט פון דער קאָמאקאדעמיע וועגן כינע „כינעזישע פראָבלעמען", נומ. 5.

אין אַלגעמיין איז די לאַגע פון די לערן־ייִנגלעך אזא:

1. קיינשום ארבעטלוין ווערט ניט ארויסגעגעבן.
2. לויטן אײַנזען פונעם באַלעבאָס ווערט ארויסגעגעבן א געוויסע שטיצע.
3. עס ווערט ארויסגעגעבן א געוויסע סומע מאָנאטלעכע בירגעלט אָנשטאָט דעם ארבעטלוין.
4. אין אייניקע פאלן ווערט ניט געגעבן ניט קיין דערנערונג־פּראָדוקטן און ניט קיין וווינונג...

אזוי שווארץ מאָלט אפילע די בורזשואזע פּרעסע די לאַגע פון די לערן־ייִנגלעך. אינדערעמעסן איז די לאַגע ניט אין אַן ערעך ערגער.

די קינדער פון די ארבעטנדיקע אין כינע גייען אויס פון דער צו שווערער פּראצע, שטארבן פאר הונגער און פארקויפן זיך פאר קנעכט...

---

קימאט אין אַלע לענדער פון דער וועלט עקזיסטירן איצט ספּעציעלע געזעצן, וואָס „רעגולירן" די אָנווענדונג פון קינדער־ארבעט. אפילע אין די אָפּגעשטאנענע מיזרעך־לענדער און אין די ווײַטע קאָלאָניעס פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס זײַנען פאראַן אזוינע געזעצן. אין דידאָזיקע געזעצן ווערט געוויינלעך אײַנגעשטעלט דער מינימאַלער עלטער פון די קינדער, וואָס ווערן גענומען אף דער ארבעט, די ארבעט־צײַט, עס ווערט פארבאָטן די ארבעט אין דער באַנאכטיקער וואכטע און אין די שעדלעכע צעכן. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז דידאָזיקע געזעצן, וואָס ווערן ארויסגערופן דורך דער גרויסער סאָציאַלער ראָלע פון דער קינדער־ארבעט, שטעלן אײַן געוויסע גרענעצן דער הערשנדיקער אומפארשעמטער עקספּלואטאציע פון קינדער. אָבער אין דער ווירקלעכקײַט העלפן מיט דידאָזיקע געזעצן, אפילע יענע פון זיי, וואָס האָבן א ליבעראַלע באַפארבונג, בלויז דער אומגעהויערער עקספּלואטאציע פון די קינדער. דידאָזיקע געזעצן וועגן שוץ פון קינדערשער ארבעט זײַנען בלויז א שירמע פאר די הערן אונטערנעמער. די געזעצן, וואָס רעגולירן די ארבעט פון די קינדער, פארשקלאָפן די ארבעטנדיקע קינדער גופע, מאכן זיי רעכטלאָז. געוויינלעך פּראָקלאמירט יעדערער פון דידאָזיקע געזעצן צוליב „אַלגעמיין מענטשלעכע" צוועקן דעם פארבאָט פון קינדערשער ארבעט ביז 14 יאָר, און אין די קאָלאָניעס ביז 9־10 יאָר. מע קאָן מיינען: דאָס איז שוין א טראָט פאָרויס! עס הייבט זיך אָבער גאָר ניט אָן. צום געזעץ ווערן צוגעבן „בײַלאגעס", „דערגענצונגען", „דערקלערונגען", לויט וועלכע אין אזוינע און אזוינע פאלן איז דערלויבט, לויט דער פאראָרדענונג, לאָמיר זאָגן, פונעם אָרטיקן גובערנאטער, די ארבעט פון קינדער פון א ייִנגערן עלטער אויך. צוליב דעמאגאָגישע צוועקן, מיטן צוועק אָפּצונארן די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן פארבאָט דער געזעץ, אָבער צוליב דער טויווע פון די קאפּיטאליסטן דערלויבט ער בוכשטעבלעך אַלץ, וואָס זיי פארלאנגען. מיט די געזעצן וועגן קינדער־ארבעט קומט אויס, ווי מע זאָגט: „וווהין מע וויל, אהין דרייט מען".

פאקטיש זײַנען די געזעצן וועגן קינדער־ארבעט פול מיט האנאָכעס פאר די קאפּיטאליסטן. אין דעם קאָן מען זיך לײַכט איבערצײַגן לויט אייניקע בײַשפּילן, גע־

נומענ פונ די איצטער גילטיקע געזעצנ וועגנ קינדער־ארבעט אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער.

ווי איז די לענג פונעם ארבעט־טאָג באַ די קינדער, וואָס זײַנען פארנומענ אינ דער פּראָדוקציע? די יוגנט־בײַלאגע צום צענטראל־אָרגאנ פונ די דײַטשישע סאָציאל־פאשיסטנ „פאָרווערטס״ האָט דעמ 30־טנ אָקטיאבער 1930 פּובליקירט ציפער וועגנ דער „געזעצלעכער״ לענג פונעמ ארבעט־טאָג פאר קינדער אינ א רײ קאפּיטאליסטישע לענדער. אָט זײַנען די ציפער:

| | | |
|---|---|---|
| 1. | דענעמארק | 10 שאָ |
| 2. | עסטלאנד | 6— 6 ½ „ |
| 3. | גרויסבריטאניע | 8—10 ½ „ |
| 4. | יוגאָסלאוויע | 8—10 „ |
| 5. | ליטע | 8 ″ |
| 6. | עגיפּעט | 12 „ |
| 7. | ארגענטינע | 8—19 „ |
| 8. | אווסטראליע | 8—10 „ |
| 9. | בראזיליע | 8—10 „ |
| 10. | יאפּאָניע | 11 „ |

דאָס זײַנען די אָפיציעלע ציפער, אָבער אינעמעסנ ארבעטנ די קינדער גאנצ אָפט אסאך מער—ביז 16—14 שאָ אינ א מעסלעס.

אפ באשטעטיקנ אונזערע רייד ברעגענ מיר צוגאָב־יעדיעס וועגנ די באדינגונגענ פונ דער קינדער־ארבעט אינ אייניקע קאפּיטאליסטישע אונ קאָלאָניאלע לענדער.

---

עס איז ניט נייטיק צו דערווײַזנ, אז די אָנווענדונג פונ קינדערשער לוינארבעט ווערט באַ הײַנטיקנ טאָג ברייט פּראקטיקירט אינ אלע קאפּיטאליסטישע לענדער.

די הונגעריקע, אָרעמע, קרענקלעכע אונ פארשקלאפּטע קינדער, וועלכע זײַנענ באשעפטיקט באַ דער אומגעהויער שווערער אונ אויסמאטערנדיקער האָרעוואניע, ברענגענ געשמאקע דיווידענדנ לעטויוועס די טיראנענ, לעטויוועס דער הערשנדיקער פּלוטאָקראטיע. די אופגאבע פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאריאט איז—קעמפנ קעגנ דידאָזיקע קאפּיטאליסטישע רויבער.

עס מוזנ אָרגאניזירט ווערנ מאסנ־ארויסטרעטונגענ סײַ פונ די קינדער גופע אונ סײַ פונ די ארבעטער קעגנ דער עקספּלואטאציע פונ די קינדער.

אינ דעמ פאראקשנטנ קלאסנ־קאמפּ קעגנ דער בורזשואזיע קאָנ מענ בלויז עטוואָס פארבעסערנ די לאגע פונ יונגנ דאָר פּראָלעטאריער—פונ די ארבעטנדיקע קינדער, צוקונפטיקע קעמפער פאר דער אלוועלטלעכער קאָמונע. אָבער פולשטענדיק באפרײַענ די קינדער אונ פארניכטנ די עקספּלואטאציע פונ קינדערשער ארבעט איז מעגלעכ בלויז דאנ, ווענ מע וועט אראָפּווארפנ די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג.

אינ די באדינגונגענ פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס, וועלכער האָט ארומגעכאפּט אלע קאפּיטאליסטישע לענדער, באטײַט דאָס, אז עס איז נייטיק אנ אקשאָנעסדיקער קאמפּ

פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן אויסוועג פונעם קריזיס, פאַרן אָרגאַנוויזירן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. עס וואַקסט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג, עס פאַרפעסטיקן זיך און פאַרהאַרטעווען זיך אין קאַמף די רויטע פראָפאַריינישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס

„ניט געקוקט אף די גוואַלדיקע שטערונגען, וואָס ווערן געשאַפן אפן וועג פון פאַנאַנדערוויקלען דעם מאַסן־קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט מיצאַד דעם סאָציאַל־פאַשיזם, וועלכער דערשטיקט טעראָריסטיש, ערגער, איידער ווען עס איז, מיטאַרבעטנדיק מיט די אָרגאַנען פון דער בורזשואַזער מעלוכע, די שטרייק־באַוועגונג און אָרגאַניזירט שטרייקברעכער—פאַרשטאַרקט זיך נאָכאַנאַנד די שטרייק־באַוועגונג און עס וואַקסט די פּאָליטיזאַציע פון דער שטרייק־באַוועגונג—און דאָס איז דער סאַמע וויכטיקסטער שטריך פון דער שטרייק־באַוועגונג פאַרן פעריאָד פונעם קריזיס...“ [1]



בילד 11. קינדער פון אַרבעטלאָזע באַרג־אַרבעטער פון יאָרקשיר (ענגלאַנד) אין דער גאָרקיכ, וואָס איז אָרגאַניזירט אפן די מיטלען פון די סאָוועטישע באַרג־אַרבעטער.

דער XI פּלענום פונעם אויספּירקאָם פון קאָמינטערן האָט אין די טעזיסן וועגן דעם פּאָדטראַג פונעם כ׳ מאַנויִלסקי געעפנט ברייטע האָריזאָנטן פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אינעם קאַמף פאַרן רעוואָלוציאָנערן אויסגאַנג פונעם קריזיס. די טעזיסן שטעלן פעסט, אַז:

„די אַנטוויקלונג פונעם קלאַסן־קאַמף אין די באַדינגונגען פון דער ווייטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג פונעם אַלוועלטלעכן עקאָנאָמישן קריזיס שטעלט אַוועק די ברייטסטע אַרבעטנדיקע מאַסן פאַר דעם אַנטשיידנדיקן אויסוואַל:

[1] קאָניונקטור־איבערזיכט פונעם אינסטיטוט פון אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט און וועלט־פּאָליטיק צו דער XVII פּאַרטקאָנפערענץ (יאַנוואַר 1932).

אָדער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אָדער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שקלאַפערײַ; אָדער א סאָף צו דער קאפּיטאליסטישער אונטערדריקונג און עקספּלואַטאציע, אָדער קאָלאָניאַלער דרוק; אָדער אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, אָדער שאָלעם און ברידערלעכע באַציִונגען צווישן די פעלקער; אָדער קאפּיטאליסטישע אנארכיע און קריזיסן, אָדער א סאָציאַליסטישעווירטשאַפט־סיסטעם, וועלכע שליסט אויס אנארכיע און קריזיסן...״

די טעזיסן פונעם XI פּלענום פון אי.ק.ק.אי. שטעלן אוועק פאר יעדן פּראָלעטאריער קלאָר די פראגע, וואָס עס באַטײַט א רעוואָלוציאָנערן אויסגאנג פונעם קריזיס.



בילד 12. רײַ פון העפקער־קינדער און יוגנטלעכע באַם דערנערונג־פּונקט אין מעקסיקע.

בלויז דער קאמף פארן רעוואָלוציאָנערן אויסגאנג פונעם קריזיס, דאָס אראָפּווארפן די קאפּיטאליסטישע סיסטעם און פּראָקלאמירן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט וועט געבן א פולשטענדיקע באַפרײַונג פון די ארבעטנדיקע מאסן אין די קאפּיטאליסטישע לענדער און קאָלאָניעס און וועט פארניכטן יעטווידער עקספּלואַטאציע פון דער ארבעט סײַ פון דערוואקסענע און סײַ פון קינדער.

# דער אָנגריף פון דער בורזשואזיע אַפ דער פאָלק-שול.

די פארשארפונג פונעם קלאסן־קאמף, די ווײַטערדיקע פארטיפערונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס אין די קאפּיטאליסטישע לענדער רופט ארויס א שטארקן אָנגריף פון דער בורזשואזיע אפן קולטורעלן פראָנט. דער אָנגריף פון דער בורזשואזיע אפן קולטורעלן פראָנט ווײַזט זיך ארויס אין דער קאָלאָסאלער פארקירצונג פון אלע הוי-

צאָעס אַפ בילדנ די מאסנ, אַפ געבנ די מעגלעכקײַט די קולטורעלע אנשטאַלטנ צו פונקציאָנירנ אונ, פונ דער צווייטער זײַט, אינ אײַנפלאַנצנ די סאמע רעאקציאָנערסטע אידעאָלאָגיע. דערדאָזיקער אָנגריפ, וואָס האָט באקומענ דעם נאָמענ „קולטור-פאשיזמ“, איז געווענדעט פריִער פונ אַלצ קעגנ דער פאָלק-שול פאר די מאסנ (אינ דערדאָזיקער שול האָט זיך די רעוואָליוציאָנערע ווירקונג פונעמ פראָלעטאריאט אַפ די שילער פאר די לעצטע יאָרנ באזונדערס פארשטארקט). אינ דײַטשלאנד איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ א ריי אויסעראָרדנטלעכע געזעצנ און אינ די אנדערע מעלוכעס—א ריי אנטשפרעכנדיקע מעלוכע־אַקטנ, וועלכע רײַסנ ענדגילטיק אונטער די מאטעריִעלע באזע פונ דער אָנפאנג־שול אונ די קולטורעלע מאסנ־אנשטאלטנ.

די בורזשואזיע האָט שוינ גענוג באגרינדעט דעמ אָנגריפ, וועלכנ זי פירט דורכ. ניט קיינ אנדערער, ווי דער דײַטשישער פרעמיער־מיניסטער בריונינג אלייִנ, האָט וועגנ דעמ דערקלערט:

„א פאָלק, וואָס וויל פארטיידיקנ זײַנ זעלבשטענדיקײַט, דארפ קעמפנ ניט גאָר קעגנ א מיליטערישנ אָנפאַל. אינ עצעמ איז אָנ אונטערשייד, צי עס טרעטנ אריבער אונדזער גרענעצ אויסלענדישע ארמייענ, אָדער עס דרינגט אַלײנ אַרײַנ צו אונדז א פראָפּאגאנדע פונ א פרעמדער קולטור, וואָס שטעלט זיכ פאר א ציל דעמ אונטערגאנג פונ דער דײַטשישער מעלוכע“.

אזא דערקלערונג פונעמ בורזשואזנ מעלוכע־טוער באווײַזט, אז די בורזשואזיע קלערט גאָרניט וועגנ אויסקלײַבנ די מיטלענ אינעמ קאמפ קעגנ דער וואקסנדיקער ר עוואָליוציאָנערער ווירקונג פונ פראָלעטאריאט.

דער אָנגריפ פונ דער בורזשואזיע אַפ דער אָנפאנג־שול דריקט זיכ אויס פריִער פונ אַלצ אינ פארקירצנ די הויצאָעס אַפנ שול־וועזנ; אינ פארשטארקנ די רעפרעסיעס קעגנ דער רעוואָליוציאָנער־געשטימטער לערערשאפט (באזונדערס קעגנ די יונגע לערער); אינ דער שטרעבונג צו דערשטיקנ מיט די גרויזאמסטע מאָסמיטלענ די ארבעט פונ די רעוואָליוציאָנעדע קינדער־אָרגאניזאציִעס אינ דער שול (די שטרעבונג פונ דער בורזשואזיע צו צעשמעטערנ די פּיִאָנערישע אונ קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס); לעסאָפּ, אינ דער פארשטעלטער אונ אָפענער פאשיזאציע (אויכ מיליטאריזאציע) פונ דער פאָלק־שול.

דער וווּקס פונ דער פאשיזאציע אונ מיליטאריזאציע, די אונטערדריקונג פונ די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ אינ דער פאָלק־שול, פונ איינ זײַט, אונ די פארשטארקונג פונ דער פּאָליטישער אקטיווקײַט אונ רעוואָליוציאָנערער שטימונג פונ די מאסנ שול־קינדער, פונ דער צווייטער זײַט, רופנ ארויס א שטארקע פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ אינ דער שול. אַפ וויפל שטארק עס זײַנענ די רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ פונ די מאסנ שול־קינדער, קאָנ מענ זענ כאָטש אַפילע פונ דעמ איינ בײַשפּיל—פונ דער ארויסטרעטונג פונ די שילער, דעלעגאטנ פונ דער קאָנפערענצ אינ בערלינ. צוליב דער באזונדערער באדײַטונג פונ דערדאָזיקער קאָנפערענצ אונ די העכסט־אינטערעסאנטע אונ וועדטפולע ארויסטרעטונגענ פונ די שילער גופע ברענגענ מיר די גאנצע קאָרעספּאָנדענצ, וואָס איז אָפּגעדרוקט אינ דער „ראָטער פאנע“ וועגנ דער קאָנפערענצ. אָט וואָס עס האָט געשריבנ די צײַטונג „ראָטע פאנע“:

„הונדערטער קינדער—פּיאָנערן, מיטגלידער פון די אָטריאַדן פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־הילף און „מאָפּר", קינדער פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אומ־פּאַרטיײִשע און אפילע פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן הערן אָנגעשטרענגט דעם פּאָר־טרעגער. זיי קאָנען שוין ניט דערוואַרטן זיך אַרויסצוטרעטן אין די דעבאַטן. 40 רעדנער האָבן זיך פאַרשריבן. די קינדער טרעטן אַרויס אַף דער טריבונע אָן שום פאַרלעגנהײַט. זייערע רעדעס—דאָס זײַנען ניט בלויז שרעקלעכע באַשולדי־קונגען אַף יענע, וועלכע ווילן דורך ווילדער העצערײַ אַפּן אַזוי גערופענעם קולטור־רעלן באָלשעוויזם אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקײַט פון זייערע אײגענע פאַרברעכנס. די רעדעס פון די קינדער זײַנען אין דערזעלביקער צײַט א דערפרייענדיק בילד פון דער צוקונפט. זיי באַטײַטן א קאַמף פון די קינדער קעגן פאַשיזם.

די קינדער דערציילן:

„מיר האָבן אַרויסגעלאָזן א שול־צײַטונג. אָט האָט זיך דער לערער צעשריִען!.. ער האָט אָנגערופן אונדזער צײַטונג—א מאָסקווער באָלשעוויסטיש בלעטל, א בלעטל, וואָס איז פול מיט געמיינהײַטן. ער האָט דערקלערט, אַז די לערער וועלן זיך נאָך פעסטער צונויפשליסן צום קאַמף קעגן דער ק.פּ.ד..."

„אַף דער לעקציע פון זינגען צווינגט מען אונדז צו זינגען סאָלדאַטישע לידער. מיר, פּיאָנערן, האָבן אויך געזונגען, אָבער בלויז די מעלאָדיע. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם טעקסט, האָבן מיר פאַרפאַסט גאָר אַן אַנדערן. אָט ווען מיר האָבן באַוויזן דעם לערער, אַז מיר קאָנען אויך פאַרפאַסן..."

„אַף דער לעקציע פון געשיכטע האָבן מיר באַרירט די טעמע וועגן סאָ־וועטן־פאַרבאַנד. דער לערער האָט באַלד גענומען שרײַען, אַז דאָס איז צו אים ניט שײַעך, די איליוסטראַציִעס פון דער „איליוסטרירטער אַרבעטער־צײַטונג", וועלכע מיר האָבן אים באַוויזן, האָט ער אָנגערופן אויסגעטראַכטע. דערנאָך איז אונדז אויסגעקומען אָנצושרײַבן אַן אַרבעט אַף דער טעמע וועגן דער פעלקער־ליגע. די שלום־פראַזע האָט געדאַרפט זײַן: „די פעלקער־ליגע פאַרהיט פון מילכאָמע", איך האָב דערשריבן:

„...אָבער ווי מעשונע דאָס זאָל ניט זײַן—זי גרייט צו א מילכאָמע קעגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד" (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן).

„מיר האָט דער לערער געזאָגט: אויב דו וועסט ניט אַנטשוויגן ווערן, וועל איך דיר די ציינער אויסשלאָגן און אַוועקשיקן צום דאָקטער..."

„מיך האָט ער אַזוי צעמאַזיקט מיטן שטעקן, אַז איך האָב ניט געקאָנט זיצן..."

„אונדזער שול האָט מען שוין 35 יאָר ניט רעמאָנטירט. עס טרעפט, אַז מע גיט עמיצן א שטופּ אַרופּ אַפּן וואַנט, איז בלײַבט די גאַנצע קאַלך אַפּן בעגעד. איצט איז זיי אײַנגעפאַלן אָפּצורײַבן די ווענט מיט אַזאָט־זויערקײַט, אָבער דאָס העלפט אויך ניט. ווען מע צינדט אָן פײַער, זעט מען, אַז אַף די ווענט ליגט א גראָבער שיכט שטויב און שמוץ..."

„דער לערער רופט אונדז אָן עקלהאַפטיקע ברויִם..."

„אונדזער קלאַס־צימער איז שמוציקער, איידער אַלע קלאַסנ אינ שול. אפ די בענק טאַרטשענ טשוועקעס, אונ מיר צערייַסנ זיכ די בעגאָדימ. אפ 500 קינד'ער אינ שול איז פאַראַנ צוויי קלאָזעטנ..."

„מיר גיט מענ אָפּ אינ א שול פונ העכערנ טיפּ. איכ בינ שוינ געגאַנגענ אהינ, אָבער איכ האָב זיכ ארומגעקוקט אינעמ פּאָדערצימער, אונ עס איז שוינ גענוג פאַר מיר. דאָרטנ זייַנענ אַ'שטייגער אפ די ווענט אָנגעמאָלט אזוינע שפּרוכנ, ווי: „מיט גאָט פאַרנ קעניג אונ פאָטערלאַנד". פאַראַנ דאָרטנ א גרויסער אָרגאַנ אונ אינ די פענצטער גרויסע באמאָלטע שויבנ. וואָלטנ בעסער דידאָזיקע הערנ א טראַכט געטאָנ וועגנ געבנ אונדז עפּעס אָפּצועסנ..."

„אונדזער לערער איז א קליינינקער מענטשעלע, אָנדערהאַלבנ מעטער די הויכ, אָבער א קאָל האָט ער—ווי דער שויפער פונ יעריכע. קלייַבנ זיכ נאָר צונויפ עטלעכע שילער נאָכ דער לעקציע א שמועס טאָנ, רייַסט ער שוינ די האַלדז: „שטיל זייַנ! דאָ איז אייַכ ניט סאָוועטנ־רוסלאַנד!" אָבער מיר וועלנ אימ דורכנעמענ אינ דער שול־צייַטונג אונ דעמ ארטיקל וועלנ מיר א נאָמענ געבנ: „גיפּטיקע גאַזנ אינ דער דונקערשער שול" (אפּלאָדיסמענטנ).

„אפ דער אונטעריכט־לעקציע פונ גימנאַסטיק פאַרנעמענ מיר זיכ מיט מיליטערישע לימודימ. ווער עס שטייט ניט גענוג גלייַכ, דעמ זעצט מענ אריַינ אפ א שאָ צייַט אינ קאַרצער. איינעמ פונ אונדזערע האָט מענ צעמאַזיקט ביז בלוט. דער לערער איז א געוועזענער אָפיצער..."

„אפ דער דייַטשישער לעקציע האָבנ מיר געוואָלט לייענענ: „אפנ מייַרעוו־פראָנט איז אַלצ ווי געווענ". איינער א גוטער לערער האָט אונדז דאָס דערלויבט, אָבער דער רעקטער האָט זיכ טייקעפּ צעשריענ: „דאָסדאָזיקע בוכ איז דורכויס אויסגעטראַכט, איכ פאַרבאָט אייַכ עס צו לייענענ! אונדזערע דייַטשנ זייַנענ געווענ מוטיקע קריגער..."

„דער לערער האָט אונדז א פרעג געטאָנ, ווועמעס עלטערנ עס זייַנענ ארבעטלאָזנ. מיר האָבנ, פאַרשטייט זיכ, אַלע אופגעהויבנ די הענט..."

„די לערער זאָגנ: „די קאָמוניסטנ זייַנענ פאַרפלוכטע הינט..."

„די באַרמהערציקע שוועסטער האָבנ געפרעגט, צי וויל מייַנ פאָטער ארבעטנ, וויפל בעטנ איז בא אונדז אינדערהיימ פאַראַנ אונ צי מאַכנ מיר פלייַסיק די לעקציעס. אָבער קיינ אָנבייַסנס האָט מענ אונדז אַלצ ניט אייַנגעאָרדנט..."

„איינע א סאָציאַל־דעמאָקראַטקע האָט אונדז געפאַקט טיילנדיק פּראָקלאַמאַציעס, האָט זי ארויסגערופנ פּאָליציי אונ אָפּגעשיקט אונדז אינ צירקל. דאָס איז געווענ מיטיקצייַט, אונ איינס אזייגער זייַנענ מיר שוינ צוריק געווענ אינ שול. מיר האָבנ אָרגאַניזירט נייַע פּאָרפּאָסטנ אינ אַלע שאַרלאָטנבורגער שולנ. נעמט זיכ אראָפּ פונ אונדז א מוסטער..."

אזוינע ארויסטרעטונגענ פונ די שולקינדער באַווייַזנ אונדז יענע נייַע פּראָצעסנ אונ ווענדונגענ, וועלכע קומענ פאָר אינ לעבנ פונ דער שול. דידאָזיקע ארויסטרעטונגענ זייַנענ א באַווייַז פונ דער וואַקסנדיקער פּאָליטישער באַוווּסטזיניקייַט פונ די

שולקינדער. האָט מען דען אזוינע ארויסטרעטונגען געקאָנט האָבן אין די יאָרן 1928—1925, ד. ה. אין דער צײַט פון דער טיילווײַזיקער סטאביליזאציע (אײַנפעס־טיקונג) פונעם קאפיטאליזם? אָבער אין 1931־טן יאָר זײַנען אזוינע ארויסטרעטונגען ניט קיין זעלטנהײַט. בא הײַנטיקן טאָג וואקסט אויס א צונויפגעגאָסענער פראָנט פון די קינדער אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמיוג און ק.פ. איבער גאנץ דײַטש־לאנד האָט זיך דורכגעקײַקלט א מעכטיקע כוואליע פון שול־שטרײַקן, וועלכע באַ־שטעטיקן דעם וווּקס פונעם אידייִש־פּאָליטישן ניוואָ פון די פּראָלעטארישע קינדער, וועלכע קעמפן קעגן דער בורזשואזיע.

און ניט נאָר אין דײַטשלאנד באמערקט זיך א געהעכערטער אינטערעס און א שטרעבונג פון די קינדער פון די ארבעטנדיקע צו באטייליקן זיך אינעם קלאסן־קאמף.

אין צאָפן־אמעריקע האָט דער פּאָליציי־נאטשאלניק פונעם שטאט פענסילוואניע געמאָלדן:

„די שילער, קינדער פון די בארג־ארבעטער פון מײַרעוו־פענסילוואניע, ווערן דערצויגן אין גײַסט פון סינע קעגן דער רעגירונג פאר יענע לײדן, וועלכע זיי לעבן אריבער. די קאָמוניסטישע אָנפירער לערנען זיי האסן די רעגירונג, בא וועלכער זיי הונגערן...“

דער גרעסטער אמעריקאנישער קאפּיטאליסט, דער גובערנאטער פונעם שטאט פענסילוואניע, מיסטער פינטשאָט, האָט, ארויסטרעטנדיק מיט א פּראָגראם־רעדע אלס קאנדידאט צו די קומענדיקע פּרעזידענט־וואלן, געזאָגט:

„פון אלע טריבונעס אראָפּ ריידן די רעדנער, אז די קינדער זײַנען דער גרעסטער אייגנס פון דער נאציע, און דאָס איז ריכטיק. אָבער מיליאָנען קינדער דערעסן ניט צוליב דער דעפּרעסיע. מיליאָנען קינדער לײַדן ניט צוליב זייער אייגענער שולד און ניט צוליב דער שולד פון זייערע עלטערן. צי דען מיינט איר, אז די קינדער, וועלכע האָבן געהונגערט א יאָר אָדער צוויי, און אנדערע פון זיי נאָך מער אפילע, וועלן זײַן געטרײַע בירגער דער רעגירונג, וועלכע האָט זיי געצוווּנגען צו הונגערן?“

אין דער פולער סטענאָגראמע פון פינטשאָטס רעדע, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „יונײַטעד סטייטס דיילי“ זײַנען פאראן באשטימטע אָנווײַ־זונגען אף דעם, אז די שולקינדער „בונטעווען זיך“.

וואָס פאר אן אויספיר דארף מען מאכן פון דער ארויסטרעטונג פונעם הויכן אמעריקאנישן באאמטן, וואָס רעדט אין נאָמען פון די אויבער־מאגנאטן פונעם פינאנץ־קאפיטאל אין די פאראייניקטע שטאטן פון צאָפן־אמעריקע? דער אויספיר איז א פּאָשעטער: דער ראדיקאליזירונג־פּראָצעס פון די ברייטע מאסן פּראָלעטארישע קינדער קומט פאָר זייער גיך און רופט ארויס א סאמע ערנסטע מוירע בא דער הערשנדיקער בורזשואזער קליקע. פינטשאָטס ווערטער זײַנען א ווערטפולע באשטע־טיקונג פון דער וואקסנדיקער פּאָליטישער אקטיווקײַט פון די פּראָלעטארישע קינדער.

אלס א כאראקטעריסטישער שטריך צו דער איליוסטראציע פון די שטימונגען בא די שולקינדער קאָן דינען פאָלגנדיקער ביישפּיל.

אינעם עלטערן קלאס פון דער קאטוילישער פאָלקשול אין דער שטאָט גערע־ווייל האָט דער לערער באשלאָסן צו באקאָנען די קינדער מיט דער דייטשישער קאָנסטיטוציע און איינגעאָרדנט אין קלאס אן אָפּשטימונג לויטן טיפּ פון די וואלן אין די דייטשישע פארלאמענטארישע אָרגאנען.

יעדער שילער האָט באקומען פונעם לערער א „וואל־צעטל", אין וועלכן עס זיינען געשטאנען פיר פארטייען: סאָציאל־דעמאָקראטן, קאטוילישער צענטער, פאָלק־פארטיי און דייטשישע נאציאָנאליסטן. די קאָמוניסטישע פארטיי איז אינעם צעטל ניט געווען.

די שילער האָבן געדארפט אף זייערע צעטלעך אָפּמערקן דורך א קרייז יענע פארטיי, פאר וועלכער זיי וואָלטן שטימען ביים „עמעסע וואלן".

דער סאכאקל פון דערדאָזיקער וואל־רעפעטיציע איז געווען גאָר אן אומגעריכטער פארן קאטוילישן לערער. פון 36 שילער האָבן 24 אָנגעוויזן אין די צעטלעך, אז זיי וועלן שטימען פאר די קאָמוניסטן. פארן צענטער האָבן זיך ארויסגעזאָגט 11 שילער, און פאר די דייטשישע נאציאָנאליסטן—1. די איבעריקע פארטייען האָבן ניט באקומען קיין איינציקע שטים.

דער צעקאָכטער לערער האָט פארענדיקט זיין „פארלאמענטארישע שטונדע" מיט א צאָרנדיקן אויסגעשריי אפן אדרעס פון די קינדער:

„איר וועט, דוכט זיך מיר, זיין די עמעסע קאָמוניסטישע באנדע".

דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין שול אין שטעטל גערעווייל, איז געווען א הילכיקער פאטש אין פּאָנעם דער דייטשישער „דעמאָקראטיע" און האָט ארויס־גערופן א טומל אין דער בורזשואזער פרעסע.

די ארומיקע צושטאנדן, וועלכע פארשארפן דעם קאמף פון די קלאסן—אָט דאָס איז די סיבע פון דידאָזיקע אומדערווארטע פארן הער לערער סאכאקלען פון דער אָפּשטימונג. און אין דערעמעסן ווייזט די קאפּיטאליסטישע שול אָפטמאָל אויס גיכער ווי א טורמע פאר מינדעריעריקע פארברעכער, איידער ווי א קולטורעלער אנשטאלט. איינער א בערלינער שילער, א פּיאָנער, שרייבט זיינעם א כאווער אינעם סאָוועטן־פארבאנד:

„איך וועל אייך דערציילן וועגן אונדזער שול, פון אויסנוויייניק ווייזט די געבייַדע אויס ניט שלעכט, אָבער פון אינעווייניק איז דאָס אן עמעסע טיורמע. פינצטערע קאָרידאָרן, קליינע קלאסנ־צימערן, שמוציקע ווענט, גאז־לאָמפּן און א הויף—א פינצטערע שאכטע, און דאָס אויך בלויז איינ איינציקער. און דער לערער? אויך ניט פון ערשטן סאָרט. ער טראָגט א גרויסן אייזערנעם קרייץ, אף וועלכן עס איז אָנגעשריבן „1914—1890". אונדזערע לערער מאכן זיך קלוימערשט פאר קעגנער פון מילכאָמע, אָבער ניט געקוקט אף דעם, רימען זיי דעם וועלט־קריג פאר די שילער. ווער זשע איז שולדיק אין דער גאנצער אָרעמקייט פון שול? די סאָציאל־דעמאָקראטן! זיי האָבן געשאפן א שול־אָרגאניזאציע, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן „אָרגאניזאציע פון דער

שול־בויונג”, אָבער אינדערעמעסנ דארפ מענ זי אָנרופנ „דער כורבנ פונ דער שול...”

אינ צוזאמענהאנג מיט דער פארטיפערונג פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס פארערגערט זיכ אלצ גיכער די לאגע פונ מיליאָנענ שול־קינדער אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. די פארקירצונג פונעמ קאָמונאלנ אונ מעלוכישנ ביודזשעט צוליבנ קריזיס דערפירט צומ אָפשאפנ די אומזיסטע דערנערונג אינ שול, לערנביכער, מעדיצינישע הילפ אונ צומ פארמאכנ שולנ אונ פארשיידענע קינדער־אנשטאלטנ.

אינ פוילנ, וועלכע איז בארופנ צו זײַנ דער באריער, די באשיצונג קעגנ דער „באָלשעוויסטישער אומקולטורעלקײַט”, קאָנענ טויזנטער קינדער פונ שול־עלטער זיכ ניט לערנענ אינ די שולנ—ניטאָ קיינ שולנ. די פוילישע צײַטונגענ שרײַבנ:

„צוליב דעמ, וואָס אינעמ לויפנדיקנ יאָר זײַנענ די הויצאָעס אפ פאָלק־בילדונג אינ פוילנ פארקירצט געוואָרנ אפ 86 מיליאָנ גילדנ, זײַנענ ארומ 100 טויזנט שולקינדער אינ הײַנטיקנ יאָר געבליבנ אָנ שולנ אונ אָנ לערער”.

די פוילישע פרעסע דריקט אויס די מוירע, אז אינעמ קומענדיקנ יאָר וועלנ ארומ 700 טויזנט קינדער בלײַבנ אויסער דער שול, אויב דער ביודזשעט פונעמ מיניסטעריומ פאר פאָלקבילדונג וועט באצײַטנס ניט פארגרעסערט ווערנ.

„לויט ווי עס טיילט מיט דער שווייצארישער פעדאגאָגישער זשורנאל „שווייצער ערציִונגס־רונדשאו”, זײַנענ אינ צוזאמענהאנג מיטנ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ יאפאָניע באדײַטנדיק פארקירצט געוואָרנ די הויצאָעס אפ אויסהאלטנ די שולנ. צוליב עקאָנאָמיע איז דער מאקסימומ אָנלאָדונג פארגרעסערט געוואָרנ ביז 70 מאנ(!).

אגעוו דארפ מענ באמערקנ, אז דער פוילישער מיליטערישער ביודזשעט וואקסט נאָכאנאנד אונ באטרעפט שוינ אריבער 50 פראָצ. פונעמ גאנצנ מעלוכע־ביודזשעט. אינ יאפאָניע האָט זיכ דער מיליטערישער ביודזשעט פארגרעסערט פונ 230 מיליאָנ דאָלער אינ 1928־טנ יאָר ביז 264 מיליאָנ דאָלער 1931־טנ אינ יאָר, אונ כוצדעמ איז, אינ צוזאמענהאנג מיט די קריג־אָפעראציעס אינ מאנדזשוריע, מיט דער מילכאָמע אינ שאנכײַ אונ אינ אנדערע גרויסע צענטערס פונ כינע, פאָרגעקומענ א ווײַטער־דיקע פארגרעסערונג פונ די אסיגנירונגענ אפ די ניטאָפלייגבארע „באדערפענישנ פונעמ קריגמיניסטעריומ”.

ניט געקוקט אפנ קריזיס, געפינט מענ פונדעסטוועגנ מיטלענ אפ באוואָפענונג, אפ צוגרייטנ זיכ צו מאסנ־מאָרדנ, אונ געפינענ געפינט מענ דידאָזיקע מיטלענ צו יעדער צײַט אונ פאקטיש אינ אנ אומבאגרענעצטנ סכומ אינ דערזעלביקער צײַט, בייס אפ דער פאָלקבילדונג ווערנ די מיטלענ פארקלענערט אָנ קיינע טײַנעס אונ קונצנ.

די גרעסטע פארקירצונגענ פונ די מיטלענ אפנ שול־וועזנ זײַנענ דורכגעפירט געוואָרנ אינ דײַטשלאנד אפנ ססאכ פונ „אויסעראָרדנטלעכע געזעצנ”. דער בערלינער ארבעטער־רײַאָנ נייקעלנ (ווי אויכ הונדערטער אונ טויזנטער אנדערע ארבעטער־רײַאָנענ) קאָנ דינענ אלס א מוסטער פונ דעמ, ווי אזוי אלע מאָסמיטלענ אפ אײַנ־שפאָרנ רופנ זיכ אָפ אפנ פראָלעטארישנ קינד. אָט זײַנענ בײַשפיל־ציפער פונ דער

פארקירצונג פונעם שול־ביודזשעט אין נייקעלן אין 1931־טן יאָר אין פארגלײַך מיטן ביודזשעט פון דעמזעלביקן רײַאָן אין יאָר 1930.

די הויצאָעס:

אף שטיצן קראנקע לערער ווערן פארקירצט פון 243 טויזנט מארק ביז 12.160.

אף לערנביכער—פון 30680 ביז 3790.

אף ווארשטאטן און ארבעט־לימעד—פון 32060 ביז 7840.

אף אינדיווידועלע לערע פאר דעפעקטיווע קינדער—פון 15130 ביז 3180.

אף אומזיסטע לערנביכער—פון 30150 ביז 9018.

אף שול־עקסקורסיעס—פון 18040 ביז 13530.

אף בויונג־רעמאָנטן—פון 108510 ביז 10850.

אף באהייצונג—פון 118900 ביז 11800.

אף צוריכטונגען צום אײַנוואשן זיך—פון 25750 ביז 12870.

אף אײַנרײַבן די דילן—פון 9550 ביז 2380.

דורך די גענג פון די אגענטן פונעם פינאנציעלן קאפיטאל ווערן אזוי ארום אונטערגעריסן די מאטעריעלע רעסורסן פון דער פאָלק־שול און דער פיזישער געזונט פון די פראָלעטארישע קינדער. דער סאניטאר־היגיענישער צושטאנד פון די שולן האָט זיך שטארק פארערגערט, ווינטער הערשט אין די שולן א קעלט (די הויצאָעס אף באהייצן זײַנען פארקירצט געוואָרן „בלויז" אין צען מאָל). די קינדער זיצן אף די לעקציעס הונגעריקע און אָן לערנביכער.

העכסט כאראקטעריסטיש איז פארן הײַנטיקן דײַטשלאנד צו פארגלײַכן צוויי ציפערן פון די הויצאָעס אינעם מעלוכע־ביודזשעט פון פרײַסן אינעם יאָר 1931. אין צוזאמענהאנג מיטן קאָנקאָרדאט (אָפמאכ צווישן דער קירכ און דער מעלוכע וועגן דער רעליגיעזער דערציִונג פונעם אונטערוואקסנדיקן דאָר) איז די סומע מיטלען, וואָס ווערן אָפּגעלאָזן אף דער קירכ, פארגרעסערט געוואָרן און דערגרייכט איצט 87 מיליאָן מארק; אין דער אייגענער צײַט איז דער סכום מיטלען אף רעמאָנטירן די שול־געבײַדעס פארקלענערט געוואָרן ביז 8 מיליאָן מארק. אף פארשפרייטן פינצטערקײַט—87 מיליאָן מארק און אף בילדונג־צוועקן—8 מיליאָן מארק, בייס מען דארף אף דעם ניט ווייניקער פון 380 מיליאָן,—אָט האָט איר די פראָפּאָרציע, וועלכע די דײַטשישע בורזשואזיע „דערלאָזט" נאָך דערווײַלע.

אין טשיקאגאָ (פאראייניקטע שטאטן) האָבן 3000 לערער פון די שטאָטישע שולן שוין מער ווי א האלב יאָר ניט באקומען קיין געהאלט.

אלס ענטפער אף דער רעאקציִאָנערער פּאָליטיק פון דער ענגלישער בורזשואזיע בענוגייע דער אָנפאנג־שול איז אין לאָנדאָן אין סאָף 1931־טן יאָר פּאָרגעקומען עטלעכע פּילטויזנט־קעפּיקע דעמאָנסטראציעס פון לערער.

איר אָנגריף אף דער שול פירט די בורזשואזיע גלײַכצײַטיק אי לויט דער עקאָנאָמישער ליניע, אי לויט דער אידעאָלאָגישער. דער ווידערשטאנד פון די שול־קינדער און פון א קליינעם טייל פון דער רעוואָליוציאָנערער לערערשאפט אײַנייִנעם מיט די רעוואָליוציאָנערע עלטערן און ארבעטער האָט זיך זייער באדײַטנדיק פארשטארקט.

דעריבער סטאַרעט זיך די בורזשואַזיע מיט דער הילף פון פאַרשיידענע הינטערגענג, דורך די סאַמע ראַפינירטע מעטאָדן איינצוהאַלטן און צו פאַרפעסטיקן איר צע־טרייסלטע ווירקונג אַף דער פאָלק־שול.

באַוווסטזיניק פירט די בורזשואַזיע דורך אין דער שול אַ העצע קעגן דעם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד, שטרעבנדיק צו דערווייזן, אַז פּ.ס.ס.ר.—דאָס איז דער הויפּט־סוינע, די גרונט־סיבע פון אַלדאָס שלעכטס, וואָס נעמט זיך פונעם עקאָנאָמישן קריזיס. אָבער ניט שטענדיק קומט עס אָן גרינג צו פאַרשפּרייטן אַלערליי באָבע־מייסעס, ליגנס און פּראָוואָקאַציעס אַפן אַדרעס פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. די לימבאַכער פּיאָ־נערן (דייטשלאַנד) באַשרייבן אין זייער בריוו, וואָס איז אַדרעסירט צו די פּיאָנערן פון דער פאַבריק א. נ. נאָגין (לענינגראַד), די רעזולטאַטלאָזיקייט פון די בורזשואַזע בילבולים. די לימבאַכער פּיאָנערן שרייבן:

„בא אונדז אין שול איז איינגעפירט זייער אַ שטרענגע דיסציפּלין. מע דערציט פון אונדז צוקונפטיקע שקלאַפן. מע נייט אונדז צו גלויבן אין גאָט און אין טייוול, צו אַכטן דעם געוועזענעם קייזער און ליבן אונדזער „טייערן פאָ־טערלאַנד.

אָבער מיר גלויבן ניט אין דער בילעריי פון אונדזערע קלאַסן־סאָנים, און מיר ווערן פאַר דעם גערוידעפּט פון אונדזערע „דערציער". מע דערציט אונדז אין גייסט פון האַס צו די קאָמוניסטן. פון אונדז גרייט מען צוקונפטיקע פאַר־טיידיקער פונעם „טייערן" פאַטערלאַנד.

די לערער דערציילן אונדז טאָגטעגלעך וועגן די שוידערלעכקייטן פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי דערציילן, אַז אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. דערהאַרגעט מען די גייסטלעכע און אַז קלויסטערס ווערן מיט גוואַלד פאַרמאַכט.

אָבער מיר גלויבן זיי ניט. מיר ווייסן, אַז די קלויסטערס ווערן פאַרמאַכט לויט דער פאָדערונג פון די אַרבעטנדיקע גופע, וועלכע האָבן אופגעהערט צו גלויבן אין גאָט.

מיר וואָלטן געוועזן צופרידן, ווען מע וואָלט אין דייטשלאַנד פאַרמאַכן אַלע קלויסטערס, קעדיי די גאַלאַכים זאָלן מער ניט אָפּנאַרן דאָס פאָלק. מיר האָבן שוין לאַנג פאַרשטאַנען. אַז די רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק. מיר ווילן זיין קעמפער פאַר אונדזער קלאַס — פאַרן פּראָלעטאַריאַט — און בויען דעם סאָציאַליזם אין דער גאַנצער וועלט..."

אינעם נייעם זשורנאַל פון די אַמעריקאַנישע פּיאָנערן „פּ י אָ נ ע ר" איז אָפּגע־דרוקט אַ רײ קינדקאָרישע נאָטיצן. דער פּיאָנער דזשעראָם ל. פון טשיקאַגאָ דער־ציילט וועגן דעם, אַז די לערער פאַרמאַכן די קינדער די מײַלער, ווען יענע ווילן זאָגן דעם עמעס וועגן פּ.ס.ס.ר. אָבער די לערער אַליין דערציילן וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרשיידענע באָבע־מייסעס.

„איינמאָל,—דערציילט דזשעראָם ל.,— האָט אונדזער לערערן געמאָלדן, אַז די לעקציע וועט זיין געווידמעט רוסלאַנד (אַזוי רופן זיי דעם סאָוועטן־פאַר־באַנד „לויט אַלטער געוווינשאַפט"). אי וואָס זשע האָט זי אונדז דערציילט?

שרעקלעכע באָבע־מײַסעס וועגנ דעמ, ווי שלעכט עס איז אינ רוסלאנד אונ ווי שלעכט עס לעבנ דאָרטנ די קינדער.

הייב איכ זיכ אופ פונ אָרט אונ דערקלער:

— אויב אינ רוסלאנד איז אזוי שלעכט, איז פארוואָס זשע באקומט זיכ אזוי, אז בא אונדז אינ די פאראייניקטע שטאטנ זײַנענ פאראנ 10 מיליאָנ אר־בעטלאָזיקע, אונ אינעמ סאָוועטנ־פארבאנד קיינ איינער ניט?

די לערערנ איז ארײַנגעקומענ אינ גרימצאָרנ אונ א געשריי געטאָנ.

— זיצ אפ דײַנ אָרט אונ פארמאכ דעמ מויל!

אנ איבערצײַגנדיקער ענטפער!!!"

פאר דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט פונ די פיאָנערנ אינ די שולנ (דידאַקטיקע טעטיקײַט איז, דעמ עמעס געזאָגט, נאָכ גאָר ניט קיינ גענוגנדיקע אונ שטייט אָפ פונעמ אלגעמיינעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג פונ די שול־קינדער) האָט די בורזשואזיע פאר דער לעצטער צײַט אָנגעהויבנ נאָכ רעציכעסדיקער צו פארפאָלגנ די פיאָנערישע אָרגאניזאציעס. עס ווײַזט זיכ ארויס, אז די ארבעט אונ דער קאמפ פונ די פיאָנערנ אינ שול איז א באזונדערער דערלערנונג־קעגנשטאנד פארנ שעפ פונ די פאריזשער זשאנדארמענ מאָסיע קיאפ, פאר גובערנאטער פונ שטאט ניויאָרק, פארנ פרײַסישנ אינערנ־מיניסטער, פארנ קאנאדער פרעמיער־מיניסטער אונ פארנ העכסטנ געריכט. די רעדיפעס אפ די פיאָנערנ האָבנ זיכ פארשטארקט נאָכ זינט דעמ זומער פונ 1931־טנ יאָר. אינ דײַטשלאנד איז פארטראכט געוואָרנ א פאָליטישער פראָצעס אפ דער פיאָנערישער אָרגאניזאציע. אָבער דער פרווו פונ דער בורזשואזער יוסטיצ צו דערווײַזנ דעמ „פארברעכערישנ כאראקטער" פונ דער פיאָנערישער אָרגאניזאציע האָט געליטנ א קראכ, אונ דער נייטיקער גרונט אפ צו פארבאָטנ די אָרגאניזאציע איז ניט געפונענ געוואָרנ.

דעמ 30־טנ יונ 1931 איז אינעמ גאָטישנ געריכט פאָרגעקומענ א פראָצעס איבער צוויי כאווירימ, וועלכע דער פראָקוראָר האָט באשולדיקט אינ דעמ, אז זיי האָבנ אינ סאָפ 1929־טנ יאָר אָרגאניזירט א גרופע „פארבאנד פונ יונגע ספארטא־קיסטנ" (יונגע פיאָנערנ). מע האָט זיי באשולדיקט, אז מיט זייערע האנדלונגענ גראָבנ זיי אונטער די דערציִונג פונ די קינדער אינ די דײַטשישע שולנ.

„דאָס ווערט דערגרייכט דורכ דעמ, וואָס צווישנ די שול־קינדער,— אזוי ווערט געזאָגט אינ דער באשולדיקונג,— ווערט פארשפרייט ליטעראטור, וואָס רופט די שילער צו סאבאָטירנ די צוועקנ פונ זייער דערציִונג. עס ווערנ גע־געבנ אָנווײַזונגענ, וויאזוי ארויסצולאָזנ אומלעגאל שול־צײַטונגענ, צו אָר־גאניזירנ שול־שטרײַקנ, פיאָנערישע גרופעס אונ דורכצופירנ פארזאמלונגענ פונ די שילער..."

דעמ „באווײַז־מאטעריאל" האָט צונויפגעשלעפט דער קרימינאל־קאָמיסאר רידע, דערזעלביקער, וועלכער האָט שוינ עטלעכע מאָל געמאָלדנ דער פאָליציי וועגנ דער ארבעט פונ די פיאָנערנ. כוצדעמ האָט אויכ דער מעלוכע־פראָקוראָר געזאמלט מא־טעריאל קעגנ די פיאָנערנ.

פונעם אויספרעגן די באשולדיקטע איז קלאָר געוואָרן, אז דער געריכט האָט ניט קיינשום באווייזן. בייס דער רעוויזיע באם כ׳ ש. זיינען געפונען געוואָרן אביסל מאטעריאלן, אָבער אפילע דער פּראָקוראָר אליין האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו פּובלי־קירן, מאכמעס קיינשום אומגעזעצלעכעס איז אין זיי ניט געווען.

וויַיטער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז דער כאווער ש. איז עטלעכע מאָל, און דער כאווער ס.—איינמאָל בייַגעווען אפ אן אָוונט, וועלכן די פּיאָנערישע גרופּע האָט אָרגאניזירט.

אָט דידאָזיקע „פאקטן" האָבן דאָס געדארפט דינען פאר א באוויַיז, אז די באַ־שולדיקטע האָבן אויוועך געווען אפן געזעץ.



בילד 13. א לעקציע פון באָקס אין א בורזשואזער שול.

אפילע דער קאָמיסאר רידע האָט ניט געקאָנט געבן דעם געריכט קיין דעמאס־קירנדיקע פאקטן.

דאָס איינציקע, אין וואָס ער האָט זיי געקאָנט באשולדיקן, איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן אָפּגעלאכט פון דער פּאָליציי.

דער עלטערער פּראָקוראָר אייכלער איז מיעס אריַינגעפאלן. אין פארלעגנהייַט האָט ער געפרעגט, אז ש. און ס. האָבן „אופגערייצט דעם האס אין שול און אויסער דער שול".

אָבער אזוי ווי דער געריכט האָט קיין באוויַיזן ניט געהאט, האָט דער פּראָקו־ראָר פּאָרגעלייגט זיך צו באגרענעצן בלויז מיט שטראָף.

נאָכן פּראָקוראָר איז ארויסגעטראָטן דער פארטיידיקער, כ׳ לעוונטאל. ער האָט דערקלערט, אז די קאָמוניסטן וועלן ניט דערלויבן אָפּצונעמען זיך דאָס רעכט אפ דערציען זייער פארבייַט און אז דערדאָזיקער פּראָצעס איז געווענדט ניט קעגן די

צוויי באשולדיקטע כאוויירים, נאָר קעגן דער גאנצער פּיאָנערישער אָרגאניזאציע. דער פּראָצעס איז בלויז א רונג אין דער אלגעמיינער אָנגריף־קייט אף די טרײַב־קרעפטן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אין אן ארטיקל וועגן קולטור־פאשיזם אין דײַטשלאנד שרײַבט דער דײַטשישער כאווער פריץ אויסלענדער:

„די בורזשואזיע האָט באשלאָסן צו מאכן א סאָף צו דער פּיאָנערישער באוועגונג, אין וואָס עס זאָל ניט גיין. די קלעריקאלן האָבן אפילע ארויס־גערוקט די פראגע וועגן צוואנג־דערציִונג פאר די מיטגלידער פון די פּראָלע־טארישע קינדער־אָרגאניזאציעס...“



בילד 14. ארבעטער־קינדער שפּילן זיך אפן גאס.

דאָ גיט לאנג האָט די מאגדעבורגער רעגירונג פארבאָטן אלע שילער צו באזוכן, אפילע אין דער באגלייטונג פון די עלטערן, די „מעלוכע־פײַנטלעכע“ פארזאמלונגען ווי, צום בײַשפּיל, די קאָמוניסטישע פײַערונגען פון 1 מײַ. און אין בײַערן האָט דער קלעריקאלער קולטן־מיניסטער גאָלדערגער אָפּגעגעבן א פּאראָרדענונג אלע מאכט־אָרגאנען איבער די שולן צו מעלדן זעם פּראָקוראָר וועגן אלע פּערזאָנען, וואָס פּרוּוון זיך ווירקן אף די קינדער אין הינזיכט פון „אפּיקורסעס“.

די קירכ פילט, אז עס וואקלט זיך איינע פון אירע וויכטיקסטע פּאָזיציעס, מאכמעס די פּראָלעטארישע עלטערן־ און קינדער־באוועגונג דערשלאָגט זיך געוויסע דערפאָלגן אפילע אין די גײַסטלעכע שולן, בײַט פריִער האָט זיך דידאָזיקע באוועגונג באגרענעצט בלויז מיט די וועלטלעכע שולן. אין צוזאמענהאנג מיט דעם פאר־שטארקט זיך דער קאמף קעגן די „אפּיקורסישע“ פּעדאגאָגן. די לערער—אטעיִסטן

ווערן אָפּגעזאָגט, סטודענטן — אַטעיִסטן ווערן אויסגעשלאָסן פון די פּעדאַגאָגישע לערן-אַנשטאַלטן.

דעם פאַשיזם און זײַנע גרונט-טײלן: נאַציאָנאַליזם, קלעריקאַליזם און מיליטאַריזם — אָט וואָס די בורזשואַזיע שטעלט אַנטקעגן דער וואַקסנדיקער רעוואָליוציאָנערער ווירקונג אין שול. עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווערט דער קלאַסן-קאַמף אין שול אַלץ מער און מער פאַרביטערט און ציט אָן סאָפּעק אַרײַן אַלץ נײַע און נײַע שיכטן אַרבעטער. דאָס נײַע, כאַראַקטעריסטישע אין דער הײַנטצײַטיקער בורזשואַזער אָנפאַנג-שול איז דאָס, וואָס די שול ווערט אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע אַרענע פאַרן קלאַסן-קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אויב פריִער האָט דערדאָזיקער קאַמף אָפטמאָל געטראָגן אַן עטוואָס אַבסטראַקטן כאַראַקטער און איז ניט אַלעמאָל געווען פאַרשטענדלעך פאַר די קינדער גופע, איז ער איצט געוואָרן אַן אָרגאַנישער קאַמף, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן קלאַסן-קאַמף פאַר די אַלגעמײנע אינטערעסן פונעם אַרבעטער-קלאַס.

צוגלײַך מיט די דערציִערישע, ד. ה. אידעאָלאָגישע מאָסמיטלען אין קאַמף קעגן דער „ווידערשפּעניקײַט אין שול", סטאַרעט זיך די בורזשואַזיע צו צעשמעטערן די קעמפנדיקע שול-קינדער מיט דער הילף פון פּאָליציי און זשאַנדאַרמען, און אויך דורך אַדמיניסטראַטיוון דרוק.

די פּאָליציי פונעם דײַטשישן סאָציאַל-פאַרעטער גרזשעזינסקע האָט באַקומען אַן „אַנטשפּרעכנדיקע" פאַרגעבונג — גראָמירן יענע קולטור-אַנשטאַלטן, אין וועלכע עס קומט פאָר אַ רעוואָליוציאָנער-דערציִערישע אַרבעט. אָט דאָ גאָר ניט לאַנג זײַנען אין קינדערשן אָפּרו-הויז פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-הילף אין בערלין אַרײַנגעקומען 6 פּאָליציאַנטן און קאָנפיסקירט דעם יול-נומער פונעם קינדער-זשורנאַל „דער פּיִאָנער אין די רײען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-הילף". אַ מאָטיוו צום אָנפאַל איז געווען אַ קעפּל אינעם זשורנאַל: „אַלע פּיִאָנערן דאַרפן זיך באַטײליקן אין דער ספּאַרטאַקיִאַדע". אַן 11-יאָריקן פּיִאָנער, וואָס אַרבעט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-הילף, האָט מען אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן 3 שאָ אין פּאָליציי-ציִרקל.

דערדאָזיקער אַרעסט פונעם קינד דורך דער פּאָליציי באַווײַזט די רעציכע, מיט וועלכער די קלאַסן-סאָנים פונעם פּראָלעטאַריאַט סטאַרען זיך צו דערשטיקן די וואַקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פון די קינדער.

פאַר די לעצטע יאָרן לעבט זיך די קינדער באַזונדערס שלעכט אין די „דערציִונג-הײַזער", וועלכע זײַנען באַשטימט פאַר יעסוימים אָדער פאַר קינדער מיט אַ „שלעכטער אויפפירונג", ד. ה. אַזוינע קינדער, וועלכע עס איז שווער צו דערציִען און וואָס זײַנען געוויינלעך פאַרדאָרבן דורך דער בורזשואַזער דערציִונג.

די צײַטונג „פּיִאָנערסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט אירע לעזער שוין מיטגעטײלט וועגן דעם בונט אין דעם דערציִונג-אַנשטאַלט פונעם הער שטראַובע. דערדאָזיקער פאַקט איז גענומען פון צענדליקער אַזוינע פאַקטן. אינעם קולטורעלן דײַטשלאַנד עקזיסטירן פאָלגנדע הילף-מיטלען אַף דערציִען קינדער אין די „דערציִונג-אַנשטאַלטן": שמיץ, פּעטש, געבעט, שטענדיקע „ניט דערעסן" און צו שווערע, פאַר די קינדער אויסמאַטערנדיקע פיזישע אַרבעט. אין דער שטאָט שיין איז פאָרגעקומען

א געריכט איבער 35 קינדער אונ דעם דירעקטער פונ דעם דערציִונג־אנשטאלט שטראובע. וואָס האָט זיכ דאָרטנ ארויסגעוויזנ? אָט וואָס די „פּיאָנערסקאיא פּראווּדא" האָט געשריבנ:

„אפּ אונטערהאלטנ די דיסציפּלינ אונ אָרדענונג אינ דעם אימ אָנפּארטרויטנ אנשטאלט האָט דער הער שטראובע אינ דער לעצטנ געשאפנ אנ אָטריאד אזויגערופענע „טעלערלעקער" דידאָזיקע „טעלערלעקער" פלעגנ אומגיינ איבער די קאמערנ פונ די שילער, אָנווארפנ אפ זיי א מוירע אונ אײַנפלאנצנ אינ זיי דערעכערעצ פאר דער נאטשאלסטווע. די „טעלערלעקער" פלעגנ אומגיינ באוואָפנטע מיט גומענע אונ מיט אײַזנ־באשלאָגענע שטעקנס".

די איבעריקע שילער פלעגנ „אומגיינ" מיט בלאָע צייכנס, מיט בײַלנ אונ ניט פארהיילטע ווונדנ.

„די אָרדענונג" אינ דעם דערציִונג־אנשטאלט איז געווענ א פולשטענדיקע. דידאָזיקע „אָרדענונג" איז אײַנגעפלאנצט געוואָרנ אינ 1927־טנ יאָר אונ איז ניט געשטערט געוואָרנ ביזנ 18־טנ פעווראל 1930 יאָר.

ניט קיינ שריפטלעכע אונ ניט קיינ מונדלעכע אָנקלאגעס פונ די שילער האָבנ ניט געווירקט. די בערלינער נאטשאלסטווע איז געבליבנ רויִק אונ ניט געטרירט. זי האָט זייער גוט געוווסט, אז „אכטונג צו גאָט", צו דער מעלוכע אונ צו דער עקזיסטירנדיקער מאכט קאָנ מענ ניט אײַנפלאנצנ מיט גוטע רייד.

אָבער דער גומענער שטעקנ איז אויכ לאכלוטנ ניט געווענ דער געהעריקער מיטל אפ אויסצוהיילנ פונ אלע קראנקײַטנ.

דעמ 18־טנ פעווראל איז אינ דעם דערציִונג־אנשטאלט פאָרגעקומענ א „בונט", אונ א גרופע שילער זײַנענ אנטלאָפנ.

אפנ וועג האָט מענ די קינדער אײנציקווײַז געכאפט אונ אומגעקערט צוריק קיינ שיינ. מע האָט זיכ מיט זיי גוט אָפּגערעכנט, אונ בײַס דערדאָזיקער „אָפּרעכענונג" איז איינער פונ די שילער, האנס לעדעבורג, אזוי שטארק צעמיימעסט געוואָרנ, אז ער איז אינ עטלעכע טעג ארום געשטאָרבנ.

אפ דער באשולדיקונג־באנק זיצנ צוויי גרופעס באשולדיקטע: די, וועלכע האָבנ געשלאָגנ, אונ די, וועמענ מע האָט געשלאָגנ.

די דערציִער אונ „טעלערלעקער" מישפעט מענ ניט פאר דעם, וואָס זיי האָבנ געשלאָגנ, נאָר דערפאר, וואָס זיי האָבנ געשלאָגנ אונ זיכ ארײַנגעפאקט, די אנדערע מישפעט מענ פאר דעם, וואָס זיי האָבנ „געבונטעוועט" אונ אויווער געווענ אפ די קלאָלים פונ דער אינערלעכער אָרדענונג.

די אופמערקזאמקײַט פונ דער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט אינ דײַטשלאנד איז געווענ צוגעשמידט צומ שיינער פראָצעס. דער צופאל אינ שיינ איז דאָכ ניט קיינ איינצלנער. אפילע די בורזשואזע דײַטשישע צײַטונג איז מודע, אז אפילע די „מוסטערהאפטע דערציִונג־אנשטאלטנ" אונטערשיידנ זיכ ניט אפ קיינ סאכ פונ דעם שיינער דערציִונג־אנשטאלט.

דער הער שטראובע, וועלכער שפאצירט זיכ אומ איבערנ קלאס מיט א קאנטשיק אינ האנט, איז ניט קיינ אויסנאמ, נאָר א כאראקטעריסטיש בילד

פונ דער סיסטעמ, וואָס די בורזשואזיע ווענדט אָנ צו די קינדער פונעמ פראָלעטאריאט...״

דער הער שטראובע איז גראָד יענער טיפּ דערציִער, אפ וועלכנ עס אָריענטירט זיכ איצט די בורזשואזיע. די אָרדענונג, וואָס הערשט אינ דעמ נאָר וואָס באשריבענעמ „דערציִונג־אנשטאלט״, דעמאסקירט אמבעסטנ אלע פײַערלעכע פארזיכערונגענ פונ דער בורזשואזיע וועגנ דער „הייליקער קולטור״, וועגנ דער גערימטער ציוויליזאציע, וועלכע זיי שטעלנ אנטקעגנ דער רעוואָליוציִאָנערער קולטור פונעמ פראָלעטאריאט.

דאָס זײַנענ די אלגעמײַנע קאָנטורנ פונעמ פאשיסטישנ אָנגריפ אפ דער פאָלק־שול פאר די מאסנ, אפ די קולטורעלע קינדער־אנשטאלטנ, אפ דער רעוואָליוציִאָנערער לערערשאפט, אפ די פּראָלעטארישע עלטערנ־ אונ קינדער־אָרגאניזאציעס א.א.וו. די פארטיפערונג פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס וועט, אָנ ספק, ארויסרופנ א ווײַטערדיקנ דרוק פונ דער בורזשואזיע אפנ ארבעטער־קלאס אונ אפ זײַנע קינדער.

ווי באציט זיכ דער פּראָלעטאריאט צומ אָנגריפ פונ דער בורזשואזיע אפ דער פאָלק־שול?

עס פארשטייט זיכ, אז דער רעוואָליוציִאָנערער פּראָלעטאריאט קאָנ קײנמאָל ניט שטעלנ פאר זיכ די אופגאבע אײַנצוהיטנ די בורזשואזע פאָלק־שול אינ איר איצטיקנ אויסזענ אָדער באגרענעצנ זיכ מיט שול־רעפאָרמענ (אפ וואָס עס לייגט די גאנצע האָפענונג דער סאָציִאל־פאשיזמ, וועלכער סטארעט זיכ דערוויַזנ, אז א „סאָציִאליסטישע דערציִונג״ קאָנ מענ דורכפירנ אפילע אינ די באדינגונגענ פונ דער קאפיטאליסטישער מעלוכע).

„דער ארבעטער־קלאס שטעלט אנטקעגנ דער קלאסנ־דערציִונג פונ דער בורזשואזיע זײַנ אייגענע רעוואָליוציִאָנערע קלאסנ־דערציִונג פונ די פּראָלעטארישע קינדער״—אזוי זאָגט די פּראָגראַמ פונ קימ.

דער פּראָלעטאריאט אָרגאניזירט דעמ קאמפ קעגנ פארקלענערנ די שול־ביודזשעטנ (אפ אומזיסטע דערנערונג, באזאָרגנ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע מיט אומזיסטע קליידער, שוכווארג, לערנביכער) אונ פירט אָנ מיטנ קלאסנ־קאמפ אינ שול, צעשטערנדיק די יעסוידעס פונ דער בורזשואזער שול (דעמ אווטאָריטעט פונ די לערער, דעמ אונטעריכט פונ רעליגיע, די נאציִאָנאליסטישע אויסטײַטשונג פונ געשיכטע א.א.וו.)

דער קאמפ פאר דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, ווענ עס וועט ווערנ געשאפנ ווערנ די עמעסע סאָציִאליסטישע שול—דאָס איז דער אייציקער ארויסגאנג פונעמ קאפיטאליסטישנ קריזיס.

## די פּראָלעטארישע קינדער אינעמ קאמפ.

טראָצ די נעוויִעס פונ די קאָנטר־רעוואָליוציִאָנערע טראָצקיסטנ וועגנ דעמ, אז אינ דער צײַט פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס איז אומעגלעכ צו פירנ מיט דערפאָלג אנ עקאָנאָמישנ קאמפ, האָט זיכ דער אָנטייל פונ די קינדער אינעמ עקאָנאָמישנ קאמפ באדײַטנדיק פארשטארקט אונ פארברייטערט. מע מוז קאָנסטאטירנ, אז די באוווסטזיניקײַט, אקטיווקײַט אונ אָרגאניזירטקײַט פונ די קינדער אינעמ קאמפ זײַנענ אויכ

באדײַטנדיק אויסגעוואַקסן. די קעמפנדיקע קינדער פֿאַרמאָגן שוין ניט איין געוווּ־נענעם שטרײַק בא דער ארבעט, ניט איין זיגרײַכן שטרײַק אין שול. אָבער די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציעס, כוץ דײַטשלאַנד, פּוילן און די סאָוועטישע רײַאָנען פֿון כינע, זײַנען נאָך ניט בײַגעקומען דעם קריזיס אין זייער אַנטוויקלונג, פֿירן נאָך קימאַט ניט אָן מיטן קאַמף פֿון די ארבעטנדיקע קינדער און שילער. די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציעס פֿילן נאָך ניט אויס פֿולשטענדיק זייער ראָלע אַף דערדאָזיקער שלאַכט־ליניע פֿונעם קלאַסן־פראָנט.

מיר וועלן אָנווײַזן אייניקע קאָנקרעטע פֿאַקטן פֿונעם אָנטייל פֿון די קינדער אינעם עקאָנאָמישן קאַמף אין פֿארשיידענע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס.

אין דײַטשלאַנד איז די אַקטיוויקײַט פֿון די פּראָלעטאַרישע קינדער אינעם עקאָ־נאָמישן קאַמף פֿאַרן לעצטן יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן. די קינדער פֿון די ארבעטנ־דיקע האָבן זיך אָרגאַניזירטערהייט באַטייליקט אין די שטרײַקן פֿון די רורער בארג־ארבעטער, פֿון די בערלינער און מאַנספֿעלדער מעטאַליסטן, זיי האָבן דורכגעפֿירט פּראָטעסטן און בונטן אין אַסאַך „דערציִונג־אַנשטאַלטן״ און געשטרײַקט אין די שולן (נייקעלן, בראָונשווײַג, רור, בערלין א. אנד.) אין צוזאַמענהאַנג מיט די אומ־געהויער שווערע פֿאָלגן פֿון יונג־פּלאַן און די אויסעראָרדנטלעכע געזעצן פֿון בריונינגס רעגירונג.

וועגן דעם אָנטייל פֿון די פּיאָנערן אינעם רורער שטרײַק טיילט מיט די „ר אָ ט ע פֿ א נ ע״:

„דעם 2־טן יאַנוואַר האָט די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי אַרויסגעלאָזן א לאָזונג „שטרײַק״. אין א קורצער צײַט ארום האָבן שוין געשטרײַקט 20 צעכן.

אָבער גלײַכצײַטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַזא טעראָר, וואָס מיר האָבן נאָך אַזוינעם אין דײַטשלאַנד ניט געזען. די פּאָליציי און דער רײַכסבאַנער האָבן אינאיינעם פֿאַרטריבן די פּאָסטנס פֿון די שטרײַקער און געשאָסן אין די ארבעטער.

שוין אין די ערשטע טעג פֿון שטרײַק זײַנען די יונגע פּיאָנערן ארויס־געטראָטן אַף די פּאַרזאַמלונגען פֿון די שטרײַקנדיקע און האָבן געפֿאָ־דערט פֿון די דערוואַקסענע ניט צו דערלאָזן קיינשום פֿאַרקלענערונג פֿונעם ארבעטלוין. די בארג־ארבעטער האָבן מיט באַגײַסטערונג אָנגענומען די פֿאָר־שלאָגן פֿון די פּיאָנערן.

אין יעדער אָפּעראַציע פֿון די שטרײַקער האָט מען געקאָנט זען יונגע פּיאָנערן. זיי פֿלעגן פֿאַרשפּרייטן פֿלוג־בלעטלעך און אויספֿילן די ארבעט פֿון קוריערן. אינעם צעכ רײַנבאַבען האָבן זיך די פּיאָנערן פֿארן אָנהייב פֿונעם שטרײַק געשטעלט לעבן טויער און געזונגען דעם „אינטערנאַציִאָנאַל״. די פּיאָנערן האָבן געזאַמלט געלט און פּראָדוקטן פֿאַר די שטרײַקער. אין ווינ־איטאַל האָבן די קינדער דורכגעפֿירט א דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אריבער 300 פּערזאָן.

דאָרטן, ווו די פּאָליציי פֿלעגט צעטרײַבן די ארבעטער, פֿלעגן פֿון אַלע זײַטן אָנקומען די קינדער, פֿלעגן שטעלן די פּאָליציאַנטן „הינטערפֿיסלעך״

און זיי אָפּטאָן פאַרשיידענע צעלאָכעסן. די קינדער פּלעגן ארויסטרעטן קעגן די שטרייקברעכער און פאַרוואַרפן זיי מיט שטיינער. דאָס איז געווען דער ערשטער שטרייק, אין וועלכן די יונגע פּיאָנערן האָבן גענומען אזא אקטיוון אָנטייל.

דער פּיאָנערן־פאַרבאַנד פון רור האָט פאַר דער צייט פון קאַמף אריינגעצויגן אין זיינע רייען אסאך נייע מיטגלידער. די צאָל יונגע פּיאָנערן אין רור דערגרייכט 2400 מאַן..."

דער קאַמף פון די שולקינדער פאַר די עקאָנאָמישע פאָדערונגען האָט א גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג. צום ערשטן מאָל האָט זיך אין דייטשלאַנד אזוי ברייט פאַנאַנדערגעוויקלט די שטרייק־באַוועגונג פון די קינדער אין רור. מיט דערדאָזיקער באַוועגונג פירט אָן די קאָמפּאַרטיי און דער קאָמיוג.

דער שטרייק פון די רורער שול־קינדער, וואָס האָט ארומגעכאַפּט צענדליקער שולן און טויזנטער קינדער, האָט א קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער פּיאָנערישער באַוועגונג, און דעריבער וועלן מיר זיך אָפּ אים אויספירלעכער אָפּשטעלן. אונדזערער א דייטשישער כאַווער, וועלכער האָט זיך אַליין באַטייליקט אין דעמדאָזיקן שטרייק, באַשרייבט אזוי דעם אָנהייב און דעם ווייטערדיקן גאַנג פון שטרייק.

„אין דעם מאָמענט, ווען דער גרויזאַמסטער אויסעראָרדנטלעכער געזעץ וואָס בריונינגס רעגירונג האָט ארויסגעגעבן, איז אריין אין קראַפט, דעם 1־טן יול 1931, האָבן אין דויסבורג 410 ארבעטערשע קינדער אין פיר שולן דערקלערט א שטרייק. דערדאָזיקער שטרייק, וועלכער איז דערקלערט געוואָרן צוליבן אָפּזאָגן א לערער—א קאָמוניסט און אָפּשאַפן די דערנערונג אין שול, איז געפירט געוואָרן אונטער פּאָלגנדיקע לאָזונגען:

„פאַר אומזיסטיקער דערנערונג אין שול פאַר אַלע קינדער פון ארבעטנדיקע!"

„פאַר געבן אומזיסט לערנביכער!"

„פאַרן צונעמען צוריק די לערער, קעגן אָפּזאָגן!"

„קעגן דעם אויסעראָרדנטלעכן געזעץ!"

דער שטרייק איז זיך זייער שנעל צעוואַקסן. אפן אנדערן טאָג האָבן שוין געשטרייקט 6 שולן, אפן דריטן—8. דעם 10־טן יול האָבן שוין געשטרייקט 18 שולן מיט אן אָנטייל פון 1500 קינדער. איננייכן האָט דער שטרייק זיך פאַרשפּרייט אויך אפּ אנדערע ראַיאָנען. ביזן 27־טן זיינען אינעם שטרייק געווען אריינגעצויגן 30 שולן מיט 3400 קינדער.

דער קאַמף פון די קינדער האָט זיך גאָר איינגיכן פאַרוואַנדלט אין א קאַמף פון אַלע ארבעטנדיקע קעגן דער סיסטעם פון הונגער, אָרעמקייט פון די קינדער און רעאקציע אין שול.

פון די ערשטע טעג אָן איז דער קאַמף געפירט געוואָרן אפּ דער באַזע פון קאָנקרעטע אָרטיקע פאָדערונגען און האָט אריינגעצויגן די שיכטן פון די עלטערן, ארבעטלאָזע און טיילווייז באַשעפטיקטע ארבעטער.

שוין אין מעשעך פון די ערשטע 10 טעג זיינען פאָרגעקומען 50 על־טערן־פארזאמלונגען. סאָלידארישקייט־אויסדרוקן פון די אונטערנעמונגען און ארבעט־בירזשעס זיינען אָנגעקומען אפילע פון אנדערע ראַיאָנען פון דער מעלוכע. פון ווערסאל (נידער־ריין) איז אָנגעקומען א רעזאָליוציע פונעם עלטערן־ראט וועגן אָרגאניזירן א שול־שטרייק אין וויפערטאל. גלייכצייטיק איז ארויסגעשיקט געוואָרן א געוויסע סומע געלט אף שטיצן די אָפגעזאָגטע לערער און שטרייקנדיקע קינדער.

די קאָנפערענץ פון די שאכטיאָרן האָט אויסגעדריקט איר סאָלידארישקייט מיט די שטרייקנדיקע קינדער און צוגעזאָגט צו שטיצן זיי אין זייער קאמף.



בילד 15. א לעקציע אין דער בערלינער פראָלעטארישער שול.

אונטער דער אָנפירונג פונעם פּיאָנערן־פארבאנד פלעגן טאָגטעגלעך דורכגעפירט ווערן דעמאָנסטראציעס און פארזאמלונגען פון די קינדער. ביזן 14־טן יול זיינען דורכגעפירט געוואָרן 26 שול־פארזאמלונגען מיטן אָנטייל פון 2800 קינדער, 20 קינדער־אָוונטן מיטן אָנטייל פון 3100 קינדער און 2 קינדער־קאָנפערענצן מיט 120 דעלעגאטן. אין פראָצעס פון קאמף איז אנטשטאנען א קינדער־קלוב און נייע פּיאָנערישע אָטריאדן. עס זיינען אָרגאניזירט געוואָרן רייזעס און עקסקורסיעס מיט די שטרייקנדיקע קינדער.

עס איז אָרגאניזירט געוואָרן א קוריערן־פארבינדונג, וועלכע האָט געזיכערט אן אומגעזאמטע צונויפזאמלונג פון אלע קינדער אין דער נייטיקער צייט.

די קינדער זיינען געווען זייער אקטיוו אין קאמף, זיי האָבן אומעטום באהאנדלט די פראגע וועגן שטרייק אפילע מיט דערוואקסענע; אלע ארבעטנדיקע האָבן געוווסט וועגן דעמדאָזיקן שטרייק און גערעדט וועגן אים.

די פּאָליציי האָט געשטערט די שטרײַקנדיקע קינדער און זייערע עלטערן, אין דאָס האָט געווירקט אינעם ווײַטערדיקן אפ דער צאָל קינדער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די דעמאָנסטראַציעס. אָבער פאָרט פלעגן די פּיאָנערן פונדעסטוועגן דורכפירן קינדערשע דעמאָנסטראַציעס.

דעם 27־טן יול האָבן זיך אָנגעהויבן די זומערדיקע קאַניקולן: די עלטערן און די קינדער האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע צײַט אפ צוגרייטן א נײַעם קאַמף אפ א פאַרברייטערטער באַזע; עס איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך די קאַניקולן צו באַנײַען דעם קאַמף. באַלד נאָכן אָנהייבן די לימודים האָט



בילד 16. א יינגל — א צײַטונג־פאַרקויפער שלאָפט אפ די טרעפ פון וואָקזאַל אין באָסטאָן.

זיך דער שטרײַק אין דיוויסבורג פאַרענדיקט מיטן זיג פון די שול־קינדער, עס איז צוריק אײַנגעפירט געוואָרן אין די שולן דערנערונג.

אין דעם דאָזיקן ערשטן גרויסן קאַמף, וואָס דער פּיאָנער־פאַרבאַנד האָט דורכגעפירט, זײַנען אויך געווען אייניקע שוואַכע מאָמענטן, וועלכע מוזן אין די ווײַטערדיקע קאַמפן באַזײַטיקט ווערן.

דאָס ווערבירן אינעם פּיאָנערן־פאַרבאַנד איז געווען לאַכלוטן ניט גענוגנדיק. עס איז געווען א מעגלעכקײַט אַרײַנצוציען אינעם פּיאָנערן־פאַרבאַנד אַלע שטרײַקנדיקע קינדער, סײַ די נייטראַלע און סײַ די קעגנער, מאַכמעס די רויטע פּיאָנערן זײַנען געווען די איינציקע קינדערשע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר די פאָדערונגען פון די פּראָלעטאַרישע קינדער.

אויך איז געווען שלעכט אוועקגעשטעלט דאָס שאפן רויטע שול־פאַרפאָסטן.
דאָס וויכטיקסטע, וואָס דערדאָזיקער קאמפ לערנט אונדז, איז אָט וואָס:
קעדייִ מיט דערפאָלג דורכצופירן א שול־שטרייַק פאָדערט זיך, די סאמע
ברייטסטע אונטערשטיצונג מיצאד די עלטערן, ארבעטער, ארבעטלאָזע, יוגנט,
עס איז נייטיק א שלאכט־פראָנט פונעם דריטן פארבייַט אונטער דער אָנפירונג
פון דער פארטיי און קאָמיוג..."

אין די אנדערע טיילן פון דייַטשלאנד האָבן די קינדער דעמאָנסטרירט קעגן
דער פאָליטיק פון הונגער און אָרעמקייַט.

דעם 1־טן יול 1931 זייַנען אין בערלין, דאָרטמונד, רעקלינגהאוזען און דויס־
בורג פאָרגעקומען דעמאָנסטראציעס פון ארבעטער־קינדער קעגן דעם אויסעראָרדנ־
לעכן באפעל. די קינדער האָבן מארשירט איבער די גאסן מיט אויסגעשרייען:
„נידער מיטן אויסעראָרדנטלעכן באפעל!", „מיר, ארבעטער־קינדער, הונגערן!",
„גיט אונדזערע עלטערן ברויט און ארבעט!".

מירן ברענגען נאָך איין פאקט, וועלכער איז גוט באוווסט דורך דער פּיאָנע־
רישער פרעסע אין דייַטשלאנד.

...אין דער פרייסלער־שול אין בערלין איז א טומל. די אגענטן פון דער
אויסשפירונג־פּאָליציי נישטערן איבער די קלאסן. אינעם לערער־צימער קומט פאָר
זייער א שטרענגער פארהער פון די שול־קינדער. די שול־קוריערן פליִען אום. זיי
זייַנען אייַלנדיק אוועק נאָך די עלטערן פון צענדליקער שילער. אין די קלאסן
קומען פאָר עקסטרא־פארזאמלונגען פון די לערער מיטן אָנטייל פון די עלטערן.

שוין עטלעכע טעג, אז אָנשטאָט נאָרמאלע פארנעמונגען איז אזא טומל אין שול.
וואָס איז דאָס דאָ, פארוואָס איז בא די לערער פלוצלונג אזוי פארדרייט די קעפּ?
פאסירט האָט אָט וואָס:

אין שול האָט מען געפונען א קאָמוניסטישע פלוג־בלעטל.
אינעם פלוג־בלעטל שטייט:

„די רעגירונג גרייט זיך פולשטענדיק אָפּצושאפן דאָס ארויסגעבן אומ־
זיסטע לערנביכער. נאָך דעם, ווי מע האָט בא אייַך אָפּגענומען די אָנבייַסנס,
וועט מען אויך אָפּנעמען בא אייַך די לערנביכער. אפ אייַער כעשבן פראוועט
מען עקאָנאָמיע.

פאר די גימנאזיעס, וועלכע איר, ארבעטער־קינדער. קאָנט ניט באזוכן,
איז פאראן געלט גענוג. אפ די גימנאזיעס קארגט די בורזשואזיע קיין געלט
ניט, מאכמעס דאָרטן לערנען זיך דאָך די בורזשואזע זינדלעך און טעכטערלעך.
און וואָס טוט זיך בא אונדז אין די פאָלק־שולן?

אונדזערע שולן זייַנען כורוועס. זיי ווערן געהאלטן ערגער פון כאזער־
שטאלן. עס גייט ניט דורך קיין טאָג, אז מע זאָל אונדז ניט מיימעסן, פארוואָס?
ווייַל פאר ארבעטער־קינדער וועט קיינער צו די לערער קיין טייַנעס ניט האָבן.
מיר פּראָטעסטירן... מיר רופן צום קאמפ און צו געמיינזאמע ארויס־
טרעטונגען!

רויטע יונגע פּיאָנערן".

און אָט דאָסדאָזיקע שטיקל געדרוקטע פּאַפּיר האָט אַרײַנגעבראַכט די לערער אין אַ ווילדן גרימצאָרן. דאָסדאָזיקע פּאַפּירל טראָגט דעם עמעס אין די פּאָלק־שולן, ווו עס לערנען זיך די אַרבעטער־קינדער.

דאָס פּאַפּירל רופט זיי צום קאַמף.

איז דעריבער אין דער פּרייסלער־שול שוין עטלעכע טעג אַ פּאַניק...

שול־שטרײַקן, הונגער־דעמאָנסטראַציעס, פלוג־בלעטלעך פאַרשפּרייטן, אויספילן קוריער־דינסט, אַגיטאַציע־אַרבעט, קאַמף מיט שטרײַק־ברעכערײַ—דאָס זײַנען די פאָרמען פונעם וואַקסנדיקן און זיך פאַרשטאַרקנדיקן עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער־קינדער אין דײַטשלאַנד.

אין פאַשיסטישן פּוילן פונעם יאַסנעוועלמאַזשנעם פּאַן פּילסודסקי איז דעם 20־טן פעברואַל 1931, אין צוזאַמענהאַנג מיטן צווישנפעלקערלעכן טאָג פון אַרבעטלאָזע, אונטער דער אָנפירונג פון דער אומלעגאַלער פּוילישער פּיאָנערישער אָרגאַניזאַציע, פאָרגעקומען אין וואַרשע אַ הונגער־מאַרש פון די קינדער פון די אַרבעטלאָזע. די קינדער—אַ מאַן 1000—זײַנען דורכגעגאַנגען די גאַסן מיט די לאָזונגען:

„אַרבעט פאַר אונדזערע פאָטערס!“

„ברויט פאַר אונדז און אונדזערע מוטערס!“

דער מאַרש פון די קינדער—אָפּגעריסענע, באָרוועסע און הונגעריקע—האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. די פרויען אויף די גאַסן האָבן געוויינט. די פּאָליציי האָט די קינדער צעטריבן...

אין ווילנע איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון יונגע פּיאָנערן, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַרום 100 קינדער אין עלטער פון 5 ביז 14 יאָר. די פּאָליציי, וועלכע האָט די קינדער צעטריבן, האָט פינף פון זיי אַרעסטירט. די יונגע פּיאָנערן האָט זיך אײַנגעגעבן צוצוקומען אויפן פּלאַץ פאַר דער לוקישקער טורמע, ווו זיי האָבן מיט שטיינער אויסגעשלאָגן די שויבן אינעם הויז פון דער טורמע־אַדמיניסטראַציע. די קינדער האָבן געפאָדערט פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע און באַפרײַען די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

די שלאַכט־אַרויסטרעטונגען פון די פּראָלעטאַרישע קינדער האָבן זיך, ווי אַ מעכטיקע כוואַליע, דורכגעקײַקלט קימאַט איבער אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אין טשעכאָסלאָוואַקיע זײַנען די אַרבעטער, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן אַרויס אויף די גאַסן פון פּראָג, קעדיי צו רופן די אַרבעטנדיקע צוצושטיין צום ערשטמײַיקן שטרײַק. אינעם יישעוו קאַגאַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַ מיטינג. נאָכן מיטינג זײַנען העכער 500 פּיאָנערן און קאָמיוגיסטן מיט רויטע פאָנעס און רעוואָליוציאָנערע לידער אוועק אינעם אַרבעטער־יישעוו ראַדאָטין.

אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע זײַנען געגאַנגען די פּיאָנערישע אָטריאַדן.

פאַרן יישעוו האָט זיך אויסגעשטעלט די פּאָליציי. אָבער די דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען פאָרויס. דעמאָלט האָט די פּאָליציי אָן אַ שום וואָרענונג גענומען שיסן אויף דער דעמאָנסטראַציע. דער ערשטער זאַלפּ איז געווען אויף די רייען פון די פּיאָנערן.

אויפן ברוק פאַלן דרײַ פּיאָנערן. זיי זײַנען שווער פאַרוווּנדעט. די קאָמיוגיסטקע קאַשוסטאָווע, די אָנפירערן פון דער דעמאָנסטראַציע, איז פאַרוווּנדעט.

פריִער נאָך זײַנען די טשעכישע פּיאָנערן און שול־קינדער אַקטיוו אַרויסגעטראָטן בײַסן שטרײַק פון די באַרג־אַרבעטער אין צאָפן־באָהעמע. אין דעם שטרײַק האָבן אָנטײלגענומען ביז 14 000 באַרג־אַרבעטער פון 26 שאַכטעס.

דער לאָזונג פונעם שטרײַק איז פאַר די שול־קינדער געווען:

„אַזוי לאַנג, ווי אונדזערע עלטערן אַרבעטן ניט און עס פאַרבלײַבן אינעם רײַאָן די זשאַנדאַרמען, גייען די אַרבעטער־קינדער ניט אין שול. די פּיאָנערן האָבן דורכגעפירט אַן אַרבעט אין דרײַ ריכטונגען:

ערשטנס, האָבן זיי אידעאָלאָגיש געווירקט אויף די קינדער.

צווייטנס, געקעמפט קעגן די שטרײַק־ברעכער.

דריטנס, געווירקט אויף די עלטערן און די אַנדערע אַרבעטער.

קעדיי אײַנצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די קינדער מיט דער הילף פון די אומפּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס, וואָס געפינען זיך אונטער דער קאָמוניסטישער ווירקונג, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ באַראַטונג פון שול־ און קלאַס־דעלעגאַטן. אויף דער באַראַטונג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ קאַמף־פּלאַן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָנפירונג־אָרגאַן פון די פּייִקערע קינדער.

אויפן אַנדערן טאָג נאָך דער באַראַטונג האָבן די דעלעגאַטן צונויפגערופן פאַרזאַמלונגען פון די שול־קינדער קימאַט אין אַלע קלאַסן. אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן זיי גערעדט וועגן שטרײַק, וועגן דער נייטיקייט פון סאָלידאַרישקייט און וועגן דעם אָנטייל פון די קינדער אינעם קאַמף פון די אַרבעטער: עס איז באַטראַכט געוואָרן די לאַגע אין שול און עס זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן פאָדערונגען בענעגייע דער שול.

מע האָט אויך גערעדט וועגן דער ראָלע פון די שטרײַקברעכער. מע האָט אויפגעפאָדערט די קינדער פון די שטרײַקברעכער, זיי זאָלן ווירקן אויף זייערע עלטערן, אַז זיי זאָלן אויפהערן אַרבעטן. דער דאָזיקער מיטל האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן.

אײנייגעם מיט די קינדער איז אויף איינע פאַרזאַמלונג צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּלאַן פון די וווינ־ערטער פון די שטרײַקברעכער. אינעם פּלאַן איז געווען אָנגעוויזן אין וואָסערע הײַזער די שטרײַק־ברעכער. און ווּהין עס קומען אַרויס די פענצטער פון זייערע צימערן. נאָך אָט דעם פּלאַן נאָך האָבן די קינדער אָנגעשריבן אויף די הײַזער, וווּ עס וווינען די שטרײַקברעכער, פאָלגנדיקע אויפשריפטן:

„דאָ וווינט דער שטרײַקברעכער מילער. דעקט אויף אַלע שטרײַקברעכער! אַראָפּ די שטרײַקברעכער!"

זיי האָבן אויך אויסגעשלאָגן די שויבן אין די צימערן פון די שטרײַקברעכער.

...ווען די שטרײַקברעכער פלעגן גיין אויף דער אַרבעט, פלעגן מיר צונויפרופן פאַרזאַמלונגען און צונויפשטעלן פינפלינגען. יעדער פינפלינג האָט געהאַט אַן אָנפירער פון די קינדער. די פינפלינגען פלעגן אַוועקגיין אין די גאַסן, וווּ די שטרײַקברעכער דאַרפן דורכגיין, שמועסן צווישן זיך, ווי ניט זיי מיינט מען, אָדער שפּילן. און ווען די שטרײַקברעכער פלעגן זיך באַווײַזן אויפן גאַס, פלעגן די דאָזיקע גרופּעס זיך צונויפקלײַבן און נאָכיאָגן די שטרײַק־ברעכער מיט קוילעס און קווייטשערײַ:

„שטרײַקברעכער, דו גאַנװעסט אונדזער ברױט!" די זשאַנדאַרמען פלעגן געװײנלעך פאַרטײדיקן די שטרײַקברעכער און ניט דערלאָזן, אז די אַרבעטער זאָלן זײ שלאָגן. אָבער אין דעם פאַל האָבן די זשאַנדאַרמען גאָרנישט ניט געקאָנט מאַכן".

פון כעסרױנעס דאַרפן דאָ אָפּגעמערקט װערן דאָס, װאָס די קינדער פלעגן קימאַט אינגאַנצן ניט צוגעצױגן װערן צו דער אַרבעט אױף העלפן די שטרײַקער (אַלס קוריערן, אױסשפּירער א. א. װ.).

דעם 14־טן נאָיאַבער 1931 איז די טשעכאָ־סלאָװאַקישע בורזשואַזיע באַגאַנגען אַ נײַעם פאַרברעכן קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס און זײַנע קינדער. אינעם אינדוסטריעלן שטעטל פרײַװאַלדאַו האָבן די זשאַנדאַרמען געשאָסן אין די פרידלעכע דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער, פרױען און קינדער, װעלכע האָבן געפאָדערט אײַנצושטעלן אַ שטיצע אױף דער צײַט פון אַרבעטלאָזיקײַט. די דײַטשישע צײַטונג „בערלינער צײַטונג אם מיטאג" דערצײלט אזױ װעגן דערדאָזיקער בלוטיקער געשעעניש:

„11 אױזגער אינדערפרי האָבן זיך פון ניקלאַסדאָרף, װעמינגסדאָרף, זאַנדגיבעל און זעצדאָרף די אַרבעטער געלאָזט גײן אין דער ריכטונג צו פרײַװאַלדאַו. די אַרבעטער זײַנען מיט די װײַבער און קינדער געגאַנגען צופוס. אױפן שאָסײ, לעבן אַרײַנגאַנג אין פרײַװאַלדאַו, איז געשטאַנען אַ שטאַרקער פּאַטרול פון זשאַנדאַרמען, װאָס זײער אױפגאַבע איז געװען ניט דורכצולאָזן די אַרבעטער.

אָבער די אַרבעטער האָבן ניט אױפגעהערט צו גײן פאָרױס. פון דער דעמאָנסטראַציע זײַנען געגאַנגען די װײַבער מיט די קינדער. די זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אױף די פאָדערשטע רײען, צעטריבן די קינדער און געשלאָגן די פרױען מיט די קאָלבעס. די אַרבעטער האָבן זיך אַלץ געפּרוּװט דורכרײַסן דורך דער קײט פון די זשאַנדאַרמען און זיך פאַרטײדיקט מיט שטײנער. דעמאָלט האָט דער אָפיצער אירקאָװסקי אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו שיסן אינעם האַמױן גלײַך אין פּנים אַרײַן, אין רעזולטאַט זײַנען בײַ די אַרבעטער געװען 10 דערהאַרגעטע און 17 פאַרװוּנדעטע...

דער „בערלינער טאַגעבלאַט" טײלט מיט, אַז אינעם טשעכישן פּאַרלאַמענט זײַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נעכטיקער בלוטיקער מערדערײַ פּאָרגעקומען שטורמישע סצענעס. בײַס עס האָט זיך באַקומען די ידיעה װעגן דעם צעשיסן, האָט זיך אױפגעהױבן אַ מורעדיקער טומל. די קאָמוניסטן האָבן באַמבאַרדירט דעם פּאָרזיצער מיט טינטערס און מיט אַלץ, װאָס עס איז געקומען אין האַנט אַרײַן. דעם דעפּוטאַט שטערבני האָט מען אַראָפּגעשלעפּט פון טריבונע. װען דער אינערן־מיניסטער פון טשעכאָסלאָװאַקיע סלאַװיק איז אין אַבי'סל צײַט אַרום אַרױסגעטראָטן מיט אַ מעלדונג פון דער רעגירונג, האָבן די קאָמוניסטן געמאַכט אַן אָבסטרוקציע און אים ניט געלאָזן רײדן. אײניקע קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן האָט מען מיט גװאַלד דערװײַטערט פון זאַל...".

אינגיכנ נאָכ די געשעענישנ אינ פרייַוואלדאו האָבנ די שולקינדער פונ זעצ־דאָרפ דערקלערט א פּראָטעסט־שטרייַק. ארויסטרעטונגענ פונ קינדער מיט פּראָטעסטנ זייַנענ פאָרגעקומענ אויכ אינ אנדערע טיילנ פונ טשעכאָ־סלאָוואקיע. אלס ענטפער אפנ צעשיסנ די ארבעטער מיט זייערע קינדער אינ פרייַוואלדאו, האבנ די פּראָלע־טארישע קינדער זיכ גענומענ פארשרייַבנ אינ די פּיאָנערישע אָטריאדנ.

דעמ 6־טנ מארט 1930 זייַנענ אינ אסאכ שטעט פונ די פארייניקטע שטאטנ פאָרגעקומענ שטורמישע דעמאָנסטראציעס פונ קינדער. אינ ניו־יאָרק, אשטייגער, זייַנענ אינ דעמ טאָג 2000 קינדער ניט געגאנגענ אינ שול, אונ אונטער דער אָנפי־רונג פונ די אמעריקאנישע פּיאָנערנ האָבנ זיי דעמאָנסטרירט פאר די פאָלק־שולנ פאר די פאָדערונגענ אונ פאר דער פּראָגראמ פונ די אמעריקאנער פּיאָנערנ אונ פונ דער ליגע פונ פּראָפעסיאָנעלער אייניקייַט.



בילד 17. צוויי ייִנגלעכ־וואסערפירער מיט צוויי בלעכענע קיילימ, אָנגעלאָדענ אפ אנ אייזל.

די דעמאָנסטראנטנ האָבנ ארויסגעשטעלט אזוינע פאָדערונגענ:

1. אומזיסטע שפּייַז אונ קליידונג פאר די קינדער פונ די ארבעטלאָזע.

2. איינגאנצנ פארבאָטנ די ארבעט פונ קינדער ייִנגער פונ 16 יאָר. א רעגירונג־סובסידיע פאר אלע קינדער.

3. טייקעפ אָרגאניזירנ געזעלשאפטלעכע דערנערונג אינ די שולנ פאר ארבעטער־קינדער, אונטערנ קאָנטראָל פונ די ראטנ פונ די ארבעטלאָזע.

4. אומזיסטע בילעטנ אפ פאָרנ אינ שול אונ פונ שול פאר אלע קינדער פונ די ארבעטלאָזע.

א צווייטער פאל איז געווענ בייַסנ שטרייַק פונ די נאָדל־ארבעטער אינ ניו־יאָרק, דעמלט האָט די פּאָליציי ארעסטירט די פּיקעטנ, צווישנ וועלכע עס זייַנענ אויכ ארעסטירט געוואָרנ 6 שולקינדער. מע פלעגט אויכ ארעסטירנ די קינדער, וואָס פלעגנ זאמלענ מיטלענ אפנ שטרייַק־פאָנד.

דאָס איבערבויענ די פּיאָנערישע ארבעט אינ די פּארייניקטע שטאטנ גיט שוינ געוויסע רעזולטאטנ. אזוי איז אינ ניו־יאָרק אָרגאניזירט געוואָרנ א גרופּע קינדער־שיכ־פּוצער, וועלכע האָבנ ארויסגעשטעלט דעמ לאָזונג: „10 צענט פארנ אָפּוצנ איינ פּאָר שיכ אונ דאָס רעכט אָפּ אויסקלייבנ אנ אָרט אפנ גאס אָנ דער ארייַנמישונג פונ דער פּאָליציי".

אינ פּיטסבורג זייַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ 5 קלובנ פאר קינדער פונ ארבעטלאָזע, וועלכע כאפּנ ארומ 175 קינדער, דעריקער, נעגערשע קינדער. די קינדער האָבנ גענומענ אנ אָנטייל אינעמ הונגער־מארש, וואָס פאר דעמ האָבנ זיי געהאט אויסצור־שטיינ רעדיפּעס אינ שול.


בילד 18. א קליינע מיידעלע—אנ ארבע-טערנ אינ מעקסיקע.

אינ קאָנעקטיקאט זייַנענ אָרגאניזירט גע־וואָרנ 30 קינדער אינ א קינדערשער שטרייַק־גרופּע בייסנ שטרייַק אינ דאנדי.

דאָ גאָר ניט לאנג האָבנ געשטרייַקט 40.000 בארג־ארבעטער אינ די קוילנרייַאָנענ פונ די שטאטנ פּענסילוואניע, קענטוקי, אָהייַאָ, מייַרעוו־ווירגיניע אונ אנד. די בארג־ארבע־טער האָבנ דערפילט, אז זיי קענענ מער ניט סטאמ צוקוקנ, ווי זייערע ווייַבער אונ קינדער גייענ לאנגזאמ אויס פונ הונגער אונ אז עס איז שוינ גלייַכער פאר זיי צו שטארבנ אינעמ שטרייַק־קאמפּ, איידער בא דער קא־טערזשנער ארבעט פאר די קוילנ־מאגנאטנ.

אינ דעמדאָזיקנ קאמפּ קעגנ הונגער־טויט האָבנ די קינדער פונ די בארג־ארבעטער גענומענ אנ אקטיווו אָנטייל. ניט געקוקט אפּ דעמ, וואָס די פּאָליציי האָט פארבאָטנ די קינדער זיכ צו באטייליקנ אינ די שטרייַקער־פּיקעטנ, האָבנ דאָכ די קינדער אינ מעשעכ פונעמ גאנצנ שטרייַק געקעמפּט אינ די ערשטע רייענ אונ מארשירט אינ די פּיקעטנ זייַט בא זייַט מיט זייערע עלטערנ, ניט דערלאָזנדיק די שטרייַקברעכער ארייַנדרינגענ אינ די שאכטעס.

אָרגאניזירטע אינ דער פּיאָנערישער אָרגאניזאציע אונ אינ די קלובנ פאר קינ־דער פונ בארג־ארבעטער, האָבנ די קינדער גענומענ א פּראקטישנ אָנטייל אינ אלע מינימ שטרייַק־ארבעטנ. זיי האָבנ אָרגאניזירט אָטריאדנ אונ פלעגנ אלע אינדערפרי ארומגיינ איבער די וווינונגענ פונ די שטרייַקער, וועקנ זיי אונ רופנ אינ די פּיקעטנ. זיי פלעגנ פארקויפנ ארבעטער־צייַטונגענ אונ פארשפּרייטנ פלוג־בלעטלעכ אונ שטרייַק־ביולעטענענ, דורכפירנ זאמלונגענ אונ מיט אלע מעגלעכע מיטלענ שטרעבנ צו העלפנ זייערע עלטערנ געווינענ דעמ שטרייַק.

אינ הארבסט 1931 יאָר האָבנ, לויט ווי עס טיילט מיט די צייַטונג פונעמ אמעריקאנישנ קאָמיוג „יאנג וואָרקער", די שול־קינדער פונ דער שטאָט

דעטראָיט זיגרייך געקעמפט פאַר באַקומען אומזיסט שוכוואַרג און וואַרעמע קליי־דער. דערדאָזיקער קאַמף איז דורכגעגאַנגען אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון דער קאָמפּאַרטיי און קאָמיוג. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן עטלעכע סאָלידע קינדער־דעמאָנסטראַציעס פאַר די געביידעס פון די מעלוכישע אַנשטאַלטן אין דעטראָיט. די מעלוכע־באַאַמטע און די אָרטיקע בורזשואַזיע האָבן דאָסמאָל ניט געוואָלט פאַרשאַרפן דעם קאָנפליקט און זיינען געגאַנגען אָפּ האַנאָכעס.

דער אַמעריקאַנישער פּיאָנערישער זשורנאַל (א נייע אויסגאַבע פון זינט 1931 „ניו פּייאָניר" האָט פּובליקירט א ריי נאָטיצן פון קינדקאָרן, וועלכע ווייזן אָפּ דער שטרעבונג פון די קינדער צום קאַמף. א פּיאָנער פון מינעאַפּאָליס באַשרייבט אין זיין נאָטיץ בולעט דעם אָנטייל פון די שול־קינדער אינעם הונגער־מאַרש פון די אַרבעטלאָזיקע:

„די יונגע פּיאָנערן פון אונדזער שטאָט מינעאַפּאָליס האָבן אַרויסגעלאָזן א בלעטל צו אַלע שול־קינדער פון די אַרבעטער־ראַיאָנען מיט אַן אויפרוף צו נעמען אַן אָנטייל אינעם הונגער־מאַרש פון די אַרבעטלאָזיקע.

אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרשפּרייטן אַסאַך הונדערטער אַזעלכע בלעטלעך. עטלעכע פון זיי זיינען אַריינגעפאַלן צום הויפּט־שעף איבער די מינעאַפּאָליסער שולן אין די הענט.

ער האָט איבערגעלייענט און טייקעף אַרויסגעגעבן א באַפעל:

— יעדן שילער, וואָס וועט זיך באַטייליקן אינעם הונגער־מאַרש, אויס־שליסן פון שול אויף צוויי וואָכן.

די נאַטשאַלניקעס פון די באַזונדערע שולן האָבן גענומען אָפּן פאַרהער יענע קינדער, וועמען זיי האָבן כוישעד געווען אין אַקטיווער פּיאָנערישער אַרבעט, און זיך געסטאַרעט מיט גוטע רייד און מיט דראָונגען זיי צו צווינ־גען זיך אָפּצוזאָגן פונעם אָנטייל אין דער דעמאָנסטראַציע פון די הונגעריקע אַרבעטער.

ווען פון די אַרומיקע ראַיאָנען און אַרבעטער־פאָרשטעט פון שטאָט גופא איז אָנגעקומען א גרויסע מאַסנע הונגעריקע אַרבעטלאָזיקע צו דער וויכטיק־סטער מעלוכע־געביידע—צום קאַפּיטאָל, זיינען צווישן די אַרבעטלאָזיקע געווען אַסאַך פּיאָנערן. דער פּיאָנער סאָל ס. איז אַרויסגעטראָטן מיט א רעדע, וואָס האָט געדויערט 10 מינוט. סאָל ס. האָט געפאָדערט, מע זאָל געבן די קינדער פון די אַרבעטלאָזיקע אומזיסטע דערנערונג אין שול און אויסער דער שול, אומזיסטע קליידער און אומזיסטע לערנביכער.

די אַרבעטלאָזיקע האָבן דידאָזיקע פאָדערונגען באַגיטיקט, אָבער פון דער געביידע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן.

דעמלט איז סאָל ס. געוואָרן אויסער זיך און א געשריי געטאָן:

— היי, איר, פעטע פּאָליטיקער—בורזשויעס, וואָס שווייגט איר, וואָס ענטפערט איר ניט? איר ווילט אָפּקומען מיטן שווייגן? איבעריקנס איז אַזוי אויך קלאָר, אַז די באָסעס (קאַפּיטאַליסטן) קלערן אַפילע ניט צו העלפן די אַרבעטלאָזיקע. אונדזער זאַך איז—קעמפן פאַר אונדזערע פאָדערונגען...

די לערער האָבן זייער דראָונג אויסגעפילט. זיי האָבן אסאך פּיאָנערן אויסגעשלאָסן פון די שולן אף צוויי וואָכן, אָבער פארשטאָפּן די פּיאָנערן די מײַלער האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן...״

אין כינע, ווו עס ארבעטן, ווי באַוווּסט, אף די פאבריקן זייער אסאך קינדער, פירן די קינדער אויך, ניט געקוקט אף די גרויסע שוועריקײַטן און געפארן, אן עקאָנאָמישן קאמף און דערשלאָגן זיך אין דערדאָזיקער ריכטונג געווּיסע דערפאָלגן.

דער פּרווו צו דערלערנען דעם עקאָנאָמישן קאמף פון די יונגע כינעזישע ארבעטער באשטעטיקט, אז בײַס די עקאָנאָמישע קאמפן פלעגן זיך אָרגאניזירן קאָמיטעטן פון שילער און ווערביר־גרופּן. גאנץ אָפט פלעגן די מינדעריאָריקע קינדער אליין אָרגאניזירן אן עקאָנאָמישן קאמף. אינדערצײַט פון זעלבשטענדיקע קינדערשע שטרײַקן רופן זיי צונויף קאָנפערענצן פון קינדער־דעלעגאטן און אָרגאניזירן זייערע אייגענע שטרײַק־קאָמיטעטן. געוויינלעך אין אזעלכע פאלן ארבעטן די קינדער אליין אויס די פּראָגראמען פון זייערע פאָדערונגען. די פּיאָנערן באטייליקן זיך אקטיוו אינעם עקאָנאָמישן קאמף פון די קינדער. געווען פאלן, ווען די קינדער פלעגן בלײַבן די זיגער באם ענדיקן דעם שטרײַק.

אלס די שלאכט־פּראָגראמען פון די טיילווײַזע פאָדערונגען פון די ארבעטנדיקע קינדער און שילער, וועלן מיר ברענגען בלויז צוויי בײַשפּילן.

אָט איז די פּראָגראם פון די פאָדערונגען אף באָיעס טעקסטיל־פאבריק אין שאנכײַ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אײַנשטימיק אף דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון די ארבעטנדיקע קינדער דעם 22־טן יאנוואר 1930 יאָר נאָכן באהאנדלען די פראגע וועגן שטיצן די ארבעטער פון דער עלעקטרישער סטאנציע:

1. העכערן דעם ארבעטלוין אף איין צענטל.
2. א כוידעשדיקער אורלויב אין יאָר.
3. א באצאָלטער אָפּרו־טאָג אינעם כינעזישן נײַ־יאָר.
4. אָפּצאָלן אינגאנצן דעם פארדינסט פאר דער צײַט פונעם שטרײַק.
5. אָפּשאפן קלעפּ און זידלערײַען.
6. קיינער ווערט ניט אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט.

די צווייטע פּראָגראם—דאָס איז די פּראָגראם פון די פּריוואטע פאָדערונגען פון די לערן־ייִנגלעך בא דער פירמע ווינ־אָנ־קאָ, וועלכע זיי האָבן אָנגענומען אין נאָיאבער 1929 יאָר. דאָרטן ווערט געזאָגט:

1. די לערן־צײַט טאָר ניט זײַן לענגער פון איין יאָר.
2. העכערן דעם כוידעשדיקן פארדינסט ביז 8 דאָלער.
3. געבן די לערן־ייִנגלעך צימערן אף שלאָפן.
4. געבן די לערן־ייִנגלעך די מעגלעכקײַט צו זיצן בא דער ארבעט.
5. דאָס רעכט לעגאל צו אָרגאניזירן א פּיאָנערן־פארבאנד.
6. העכערן די פּראָפעסיאָנעלע קענטענישן פון די לערן־ייִנגלעך.

פונקט אזוי אקטיוו טרעטן אויך די קינדער אין אנדערע לענדער ארויס צו פארטיידיקן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

אין דער שטאָט טראָנטאָ, אין קאַנאַדע, איז פֿאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פֿון פּיאָנערן פֿאַר דער געבײַדע פֿון מימיקאָס אינדוסטריעלער שול. די פּיאָנערן האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם מערדערישן רעזשים אין דערדאָזיקער שול, קעגן דעם אַנטי־פּיאָנערישן טעראָר און דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די קינדער.

אפֿן אָרט פֿון דער דעמאָנסטראַציע איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פּאָליציי. די קינדער זײַנען זיך ניט פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. די פּאָליציאַנטן האָבן אָנגעהויבן צו צעטרײַבן די קינדער מיט גוואַלד, און איינער פֿון די זשאַנדאַרמען האָט אויסגעשאָסן אין דער גרופּע פּיאָנערן. דער פּיאָנער גאָרדאָן קלעי איז ערנסט פֿאַרוווּנדעט געוואָרן און איז אָפּגעפֿירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

אין בוענאָס־איירעס (אַרגענטינע) איז פֿאָרגעקומען אַ שטרײַק פֿון 5.000 אַרבעטער פֿון די קעלטער־שעכטהײַזער. די אָרטיקע פּיאָנערן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם שטרײַק. די פּיאָנערן האָבן צונויפֿגערופֿן אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג פֿון פּראָלעטאַרישע קינדער, ווו עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי „בריגאַדעס״ צו־הילף די שטרײַקער (הילף אין פֿאַרשפּרייטן פֿלוג־בלעטלעך, פֿאַנאַנדערקלעפּן, אַרבעטן אין די פּיקעטן א.א.וו.).

די אַקטיווקײַט פֿון די קינדער איז דער בורזשואַזיע און פּאָליציי ניט געפֿעלן געווען. צוויי קינדער האָט מען אַרעסטירט, און די פּאָליציאַנטן האָבן זיי צעמאַזיקט.

אין קאָפּענהאַגען, הויפּטשטאָט פֿון דענעמאַרק, איז דעם 3־טן מאַרץ 1930 יאָר אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קינדערשע דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַנטן זײַנען געגאַנגען דורך די גאַסן מיט די לאָזונגען:

„אַראָפּ די קינדער־אַרבעט!״

„מיר פֿאָדערן געזונטע צימערן!״

„אַראָפּ די לײַב־שטראָף!״

אין צוזאַמענהאַנג מיט דערדאָזיקער דעמאָנסטראַציע זײַנען אין דער פּיאָנערישער אָרגאַניזאַציע אַרײַנגעטראָטן 34 קינדער פֿון אַרבעטערשע פֿאַמיליעס.

בײַ די מאַסן־אַרעסטן אין וואַלאַס האָבן די באָלגאַרישע פּאָליציאַנטן געשלאָגן ביז פֿאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן אַסאַך 10—13־יאָריקע ייִנגלעך פֿאַרן פֿאַרשפּרייטן פֿלוג־בלעטלעך פֿון פּראָפּאַרייען.

אינעם קאַמף פֿאַר זייערע עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען האָבן די יונגע פֿאַרקויפֿער פֿון דער צײַטונג „מ אָ ר ג ע נ אַ ו ו י ז ע נ״ (שטאָקהאָלם) זיך דערשלאָגן אַ זיג. די אַדמיניסטראַציע פֿון דער צײַטונג האָט אונטערגעשריבן מיט זיי אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן די יונגע צײַטונג־טרעגער וועלן דאַרפֿן באַקומען צו 4 ערעס פֿאַר יעדער צײַטונג.

אין איינער אַ שול פֿונעם 19־טן קרײַז אין פּאַריז איז אַ ייִנגל אָפּגעזאָגט געוואָרן פֿאַרן פֿאַרקויפֿן דעם „י ו נ ג נ כ אַ ו ו ע ר״ (אַ פּיאָנערישער זשורנאַל). אָבער די קינדער, אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם פּיאָנערישן קאָמערל, האָבן אײַנגעאָרדנט אַ קאָלעקטיווע מאַניפֿעסטאַציע און געצוווּנגען די שול־דירעקציע צוצונעמען דעם שילער צוריק.

אין נאָיאַבער 1930 יאָר האָט אין שטאָט מירימאָרע (לעבן פּאַריז) די קאָמוניסטישע קאָמונאַלע פֿאַרוואַלטונג באַשלאָסן אָפּצוגעבן די פּראָלעטאַרישע קינדער

א נײַע שול און געבן זיי אויך הייסע אָנבײַסנס. אפ דער פֿײַערונג פון עפּענען די שול האָט זי אײַנגעלאַדן אַלע עלטערן. דער קאָמוניסטן־פּרעסער קיאפּ האָט געשיקט א גאַנצן באַטאַליאָן זשאַנדאַרמען אין באַשטאַנד פון 300 מאַן און, פּונקט ווי אין א מילכאָמע, אָקופּירט די שול. די אופּרעגונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די שילער האָבן טײקעפּ פאַרשטרײַקט—אין שול האָבן געשטרײַקט די גאַנצע 100 פּראָצ. שילער.

אין זומער 1931 יאָר האָבן דער צ.ק. פון קאָמיוג אין פראַנקרײַך און די נאַציאָנאַלע קינדער־קאָמיסיע (אַזוי רופט זיך די צענטראַל־ביוראָ פון די פּיאָנערן אין פראַנקרײַך) אַרויסגעלאָזן א ריי קאָנקרעטע פאָדערונגען אפ פאַרטיידיקן די פּראָלעטאַרישע קינדער. אָט איז די פּראָגראַם פון די פאָדערונגען „קעגן דאַכקעס און עקספּלואַטאַציע פון קינדער, אפ באַשיצן זייער געזונט":

1. פאַרבאָטן לוינאַרבעט פון קינדער און ניט דערלאָזן באַנוצן זיך מיט דער אַרבעט פון קינדער ביז 14 יאָר.

2. מינימאַלער אַרבעטלוין 16 פראַנק א טאָג און א 4־שאָיקער אַרבעט־טאָג פאַר יוגנטלעכע פון 14—16 יאָר. רעכט אפ באַקומען שטיצע אין אַרבעטלאָזיקײַט פון דער צײַט פון אָנקומען אפ דער אַרבעט.

3. קיינשום פאַרקלענערונג פונעם אַרבעטלוין, פאַרן פאַרגרעסערן דעם אַרבעטלוין פון די אַרבעטער, א זיבנשאָיקער אַרבעט־טאָג און שטיצע בײַם אַרבעטלאָזיקײַט.

4. א בופעט אין שול, שול־מאַכשירים, דערנערונג און שוכווארג פאַר אַלע קינדער פון אַרבעטנדיקע אפּגעשבן פון דער מעלוכע.

5. אומזיסטע היילונג און מעדיקאַמענטן. א דאָקטער און א באַרעמהערציקע שוועסטער אין יעדער גרופּע פון די שולן.

6. שאַפן ספּאָרט־פּלעצער פאַר די קינדער פון די אַרבעטער, פּלעצער פאַר לופט־ און זון־וואַנעס. שאַפן סאַנאַטאָריעס און קינדער־הײַזער פאַר קראַנקע און שוואַכע אַרבעטער־קינדער. שיקן אינדערצײַט פון די קאַניקולן אַלע אַרבעטער־קינדער אומזיסט אין קאָלאָניעס, אפן דאָרף.

7. שאַפן נײַע שולן לויט אַלע קלאָלים פון היגיענע, פאַריכטן אַלע שול־געבײַדעס. אַרײַנפירן עלעקטרע, ווענטיליאַציע, צענטראַלע באַהייצונג, גאַרדעראָב־צימערן, וואַש-צימערן און קלאָזעטן אין אַלע שולן. אין יעדער גרופּע טאָר ניט זײַן מער פון 30 שילער.

כוץ דידאַזיקע פּאָדערונגען האָט דער צ.ק. פונעם קאָמיוג אין פראנקרייך ארויסגעגעבן א רײ פּאָדערונגען, וועלכע זײַנען געווענדעט קעגן דעם אָנגריף פון דער רעאקציאָנערער בורזשואזיע אפן קולטור־פראָנט. דידאַזיקע פּאָדערונגען זײַנען אַרײַן אין פּראָגראַם „קעגן דער בורזשואזער שול, פאר פּראָלעטארישער לערע און דערציִונג":

1. פּראָפעסיאָנעלע לערע פון 12 ביז 14 יאָר אין די שולן פון פארפּראָדוקטיווער לערע אפן סמאך פון קאָלאָפּמאכן, אונטערן קאָנטראָל און אָנפירונג פון די שול־קאָמיטעטן, פאבזאור־קאָמען און פּראָפּאָרגאניזאציעס. א סובסידיע פון 16 פראנק טעגלעך פאר די שילער פון פּראָפּשול.

פארבאָטן דאָס אָנווענדן די ארבעט פון שילער אפ אזוינע ארבעטן, וואָס זײַנען ניט פארבונדן מיט זייער פּראָפעסיאָנעלער לערע.

א זעקסשאָיקער ארבעט־טאָג. א באצאָלטער אורלויב.

2. פארבאָטן קינדערשע קאטערגעס און אויסבעסערונג־הײַזער. פארבאָטן לײַב־שטראָף און א גראָבן באהאנדלען די קינדער.

3. אָפּשאפן פון די שולן די לערער, וואָס זײַנען פײַנטלעך געשטימט צו ארבעטער, די אָפיצערן, זשאנדארמען און די פירער פון פאשיסטישע אָטריאדן.

א) פארבאָטן אלע פּריוואטע און רעליגיעזע שולן.

ב) לערנען אפ דער מוטער־שפּראך די קינדער פון עלזאס־לאָטארינגיע, פון אויסלענדער און קאָלאָניאלע פעלקער.

ג) פארבאָטן צוצוציִען די קינדער צו פאטריאָטישע שמועסן, לעקציעס, רעדעס, פאראדן, פײַערונגען און מאניפעסטאציעס.

רעכט אפ רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור אין די שולן און עפנטלעכע ביבליאָטעקן.

ד) פרײַע רעוואָליוציאָנערע צוגרייטונג אין די שולן דורך אָנפירערס, אונטער דער ליטונג פון די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס.

ה) א קאָנטראָל איבערן פּערסאָנאַל און איבער די לימודים דורך די ראטן פון די עלטערן—ארבעטער און ארבעטערשע אָרגאניזאציעס.

4. רעכט פאר אלע ארבעטער-קינדער צו באטייליקן זיך אין אלע רעוואָליוציאָנערע מאניפעסטאציעס און פארזאמלונגען.

5. פרייַהייַט פונ אָרגאניזאציעס, פארזאמלונגענ אונ פרעסע פאר אלע אָרגאניזאציעס פונ די פראָלעטארישע קינדער. פאר־באָטנ אלע רעאקציאָנערע מאָסמיטלענ אונ געזעצנ קעגנ דער קאָמוניסטישער קינדער־באוועגונג. רעכט פאר אלע פראָלעטא־רישע קינדער־אָרגאניזאציעס פרייַ אויסצונוצנ די צימערנ פונ די שולנ אונ מוניציפאליטעטנ. הילפ אונ סובסידירונג דורכ די מוניציפאליטעטנ אונ דורכ דער מעלוכע.

6. וואלנ פונ די קינדער־קאָמיטעטנ דורכ די קינדער גופע אינ די שולנ, אפ די אונטערנעמונגענ, אינ די שול־קאָלאָניעס אונ אינ אלע שול־אנשטאלטנ.

7. רעכט פאר די קינדער צונויפצושטעלנ אונ אויסצוהענגענ וואנט־צייַטונגענ.

די פאָדערונגענ פונעם צ.ק. פונ קאָמיוג אינ פראנקרייַכ זייַנענ אינ גרונט פאָר־מולירט ריכטיק. אָבער א לאנגע צייַט זייַנענ זיי פארבליבנ ווייַט פונ די ברייטע מאסנ קינדער. די פאָדערונגענ זייַנענ ברייט ניט פאָפוליאריזירט געוואָרנ. מע האָט די קינדער ניט באוויזנ אפ קאָנקרעטע בייַשפילנ, וויאזוי מע דארפ, ארויסגייענדיק פונ דידאָזיקע גרונט־פאָדערונגענ, קעמפנ פאר די אָרטיקע טיילווייַזע קאָנקרעטע פאָדערונגענ פונ די קינדער פונ ארבעטנדיקע אונ וויאזוי ארייַנצוציענ אינעם גע־מייַנזאמענ שלאכט־פראָנט די קינדער, די פראָלעטארישע יוגנט אונ די רעוואָליוציאָ־נערע ארבעטער. ערשט אינ סאָפ 1931־טנ יאָר האָט זיכ אינ פראנקרייַכ אָנגעהויבנ מיט א גרויסער פארשפּעטיקונג פאנאנדערצוּוויקלענ דער קאמפ פאר די טאָג־טעגלעכע פאָדערונגענ פונ די פראָלעטארישע קינדער.

מיר האָבנ געבראכט צענדליקער בוילעטע שלאכט־מוסטערנ פונעם אָנטייל פונ די פראָלעטארישע קינדער אינעם עקאָנאָמישנ קאמפ פאר די פארגאנגענע יאָרנ.

אלץ מיט מער אונ מער זיכערקייַט שטעלנ זיכ די קינדער אינ די רייענ פונ די קעמפער אפנ קלאסנ־פראָנט. די קינדער פונעם פראָלעטאריאט הייבנ אָנ אלץ קלאָרער צו באנעמענ זייערע רעכט, זייערע קויכעס אונ זייער קלאסנ־כויוו. אָט וואָס עס דעמאָנסטרירנ בוילעט פריער פונ אלץ די אויבנגעבראכטע בייַשפילנ.

מע טאָר אָבער פאר קיינ פאל זיכ ניט לאָזנ פארשלעפערנ פונ די דערגרייכטע דערפאָלגנ. מיט דער גאנצער שארפקייַט פונ באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק דארפ מענ זאָגנ, אז עס זייַנענ נאָכ פאראנ גרויסע כעסרוינעס אונ שוואכקייַטנ אינעם עקאָנאָמישנ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע קינדער אונ שול־קינדער.

וועלכע זייַנענ די גרונט־סיבעס פונ די שוואכקייַטנ אינעם עקאָנאָמישנ קאמפ פונ די פראָלעטארישע קינדער?

*ערשטנס*, דאָס, וואָס דער עקאָנאָמישער קאמפ פונ די ארבעטנדיקע קינדער אונ שילער פונ די פאָלק־שולנ איז אָפגעריסנ פונעם אלגעמיינעם קאמפ פונ ארבע־טער־קלאס.

צווייטנס, וואָס די טעטיקײַט פונ די קינדערשע קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס (יונגע פּיאָנערנ) שטייט גוואלדיק אָפּ פונ דער שלאכט־שטימונג און אקטיווקײַט סײַ פונ די עקספּלואטירטע קינדער און סײַ פונ די שול־קינדער.

דריטנס, דאָס אָפּאָרטוניסטישע ניט דערשאצנ די ראָלע פונ דער פּיאָנערישער אָרגאניזאציע אינעם עקאָנאָמישנ קאמפּ פונ די ארבעטנדיקע קינדער מיצאד די באזונדערע סעקציעס פונ קימ (געוויינלעכ אינ אזוינע פאלנ איז אָדער עס עקזיסטירט א סעקטאנטישע פּראקטיק אינ דער ארבעט פונ די פּיאָנערנ, אָדער עס ווערט דערפירט די גאנצע פּיאָנערישע ארבעט צו הוילער קולטורטרעגערײַ).

פערטנס, די שלעכטע אָרגאניזאציע פונ דער צוגרייטונג־ארבעט צו די עקאָנאָמישע שלאכטנ פונ די קינדער. זייער אָפּט פארלאָזט מענ זיכ אפנ זעלבסטפלוס און סטיכייִשקײַט, און דאָס דערפירט אינ דער פּראקטיק צו דער איזאָליאציע פונ די קעמפנדיקע קינדער און פארקלענערט שטארק די מעגלעכקײַט פונ א דערפאָלג.





ביילד 20. א ייִנגל—אנ ארבעטער, וואָס גייט ארויס פונ שאכטע נאָכ א 10-שאָ׳קער ארבעט אונטער דרערד.



ביילד 19. דער איבערבײַט: איינער פאר דער ארבעט, דער צווייטער נאָכ דער ארבעט.

פינפטנס, די ניטגענוגנדיקע אופמערקזאמקײַט מיצאד די רויטע פּראָפּאריינעג און רעוואָליוציאָנערע פּראָפּאָרגאניזאציעס צומ ארויסרוקנ טיילווײַזע פאָדערונגענ אפּ פארבעסערנ די לאגע סײַ פונ די ארבעטנדיקע קינדער און סײַ פונ די שול־קינדער.

זעקסטנס, די ניטאָרגאניזירטקײַט פונ די ארבעטנדיקע קינדער און שילער גופּע (שול־פּאָרפּאָסטנס אלס אָרגאנענ פונעם איינהײַטלעכנ פּראָלעטארישנ פראָנט פונ די קינדער עקזיסטירנ בלויז אינ דײַטשלאנד, און אפילע דאָרטנ זײַנענ זיי אויכ נאָכ שוואכ) און גאנצ אָפּט די אָפּוועזנהײַט פונ א טיפער פּאָליטיש־דערציִערישער ארבעט צווישנ דידאָזיקע שיכטנ קינדער. דאָס זײַנענ די אנטשיידנדיקע גרונט־סיבעס פונ דער שוואכקײַט אינעמ עקאָנאָמישנ קאמפּ פונ די פּראָלעטארישע קינדער, ניט געקוקט אפּ דער העכסט גינסטיקער פּאָליטישער סיטואציע.

„א ראַדיקאַלע אויסבעסערונג פון דער לאַגע פון דער אַרבעטער־יוגנט באַם קאַפּיטאַליזם איז ניט מעגלעך" (פון דער פּראָגראַם פון קים), מאַכמעס דער קאַפּיטאַליזם פאַרשמידט די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן מיט קייטן פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קנעכטשאַפט. אָבער פון דער צונויפגעגאָסנקייט פונעם פּראָלעטאַריאַט און דעם יונגן דאָר אינעם קלאַסן־קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע הענגט אָפּ די באַפרידיקונג פון די טיילווייַזע פאָדערונגען, וועלכע קאָנען וויפל ניט איז פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע אַפילע באַ דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, דערבייַ אָבער קאָן זיך די לאַגע פון די קינדער וויפל ניט איז פאַרבעסערן בלויז אין דעם פאַל, ווען עס וועט זיך פאַרבעסערן די לאַגע פון אַלע אַרבעטנדיקע. אינעם קאַמף פאַר טיילווייַזע פאָדערונגען מוז מען שטענדיק אונטערשטרייַכן, אַז בלויז דורכן קאַמף פאַרן אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם קאָן מען דערגרייכן אַווירקלעכע פאַרבעסערונג פונעם לעבן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

די וויכטיקסטע טיילווייַזע פאָדערונג פון קים בענעגייע דער קינדערשער אַרבעט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז:

„פאַרבאָטן לוין־אַרבעט פון קינדער ביז 14 יאָר, אייַנשליסלעך אומדירעקטע לוין־אַרבעט אין דער הויז־אינדוסטריע און אין דער לאַנדווירטשאַפט".

די דערפאַרונג האָט אָבער געוויזן, אַז אַפן פּאַרלאַמענטאַרישן אויפן פאַרבאָטן לוין־אַרבעט פון קינדער איז ניט מעגלעך. באַ הייַנטיקן טאָג פילן אויס העכער 10 מיליאָן קינדער־פּראָלעטאַריער שווערע אַרבעט איבער די קויכעס, קעדיי די קאַפּיטאַליסטן זאָלן קאָנען באַקומען נייַע איבער־רעוואָכים. דער פּראָלעטאַריאַט מוז פירן אַן אַנטשיידנדיקן קאַמף פאַרן אָפּשאַפן די אַרבעט פון קינדער אונטער 14 יאָר, געדענקענדיק, אַז דאָס איז מעגלעך דורכן אָרגאַניזירן די אַרבעטנדיקע קינדער גופע און דורכדעם, אַז די ק.פּ., דער קאָמיוג, די רעוואָליוציאָנערע פּראָפאַריינען און רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַרישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיי העלפן אין זייער קאַמף.

די טאַקטיק פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף פאַר אָפּשאַפן קינדער־אַרבעט באַשטייט אין פאַנאַנדערוויקלען דעם קלאַסנקאַמף פון די דערוואַקסענע פּראָלעטאַריער און אַרבעטער־יוגנט פאַר אַ פאַקטישן (ניט נאָמינעלן, אייַנגעשטעלטן דורכן געזעץ) פאַרבאָט פון דער אַרבעט פון קינדער אונטער 14 יאָר, פאַר אומבאַדינגט באַוואָרענען אַפן כעשבן פון דער מעלוכע די אומפאַרמעגלעכע קינדער, וועלכע זייַנען ניט אַרומגעכאַפּט דורך דער שול, און די שול־קינדער מיט לערנביכער און מיטלען, וואָס זייַנען נייטיק אַף באַקומען בילדונג.

דער דערפאָלגרייַכער קאַמף פאַר די רעוואָליוציאָנערע פאָדערונגען אַפן געביט פון קינדערשער אַרבעט און פאַרן פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע קאָן דורכגעפירט ווערן בלויז באַ דעם באַדינג, אויב די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס וועלן באַטראַכטן דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטנדיקע קינדער ווי אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם קלאַסן־קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט און וועלן ווירקלעך אָנפירן מיטן דאָזיקן קאַמף, אויב דער קאָמיוג וועט אָפּגעבן אַסאַך מער אויפמערקזאַמקייַט, איידער דאָס האָט געהאַט אַן אָרט ביז איצט, אַף דער אַרבעט צווישן די מיליאָנען קינדער, וואָס ווערן עקספּלואַטירט דורכן קאַפּיטאַליזם.

דער אַלגעמיינער פרינציפ, וואָס איז אוועקגעלייגט געוואָרנ אַלס באַזע פאַר דער פאַרייניקונג פונ די ארבעטנדיקע קינדער אונ פונ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע אינ אַלע לענדער, באַשטייט אינ דערציִענ די קינדער אינ גייַסט פונ רעוואָליוציִאָנערנ קלאַסנ־קאַמפ דורכ אָרגאַניזירנ דעמ אָנטייל פונ די קינדער גופע אינעמ עקאָנאָמישנ אונ פאָליטישנ קאַמפ פונ די דערוואַקסענע, דורכ פאַרטיידיקנ די עקאָנאָמישע אינטערעסנ פונ די ארבעטנדיקע קינדער, דורכ באַפרידיקנ זייערע באַדערפענישנ אינ היגיענע פונ פאָליטישע, קולטורעלע אונ בילדונג־פראַגנ.

די פיִאָנערישע באַוועגונג, וועלכע שטעלט זיכ פאַר אַנ אויפגאַבע צו פאַרייניקנ אונ דערציִענ אינעמ גייַסט פונ רעוואָליוציִאָנערנ קלאַסנ־קאַמפ די פאַרשיידענע שיכטנ קינדער פונ ארבעטנדיקע, דאַרפ ווערנ די גרונט־פאָרמ פונ פאַרייניקנ די ארבעטנדיקע קינדער. אומעטום, ווו עס זייַנענ פאַראַנ פאַרטייִשע, קאָמיוגישע, רעוואָליוציִאָנערע פראָלעטאַרישע מאַסנ־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבנ קאָמוניסטישע פראַקציעס, מוזנ געשאַפנ ווערנ פיִאָנערישע אָטריאַדנ אונ גרופנ, וואָס זאָלנ פאַרייניקנ די ארבעטנדיקע קינדער.

דאָרטנ, ווו עס איז ניטאָ קיינ פיִאָנערישע באַוועגונג אונ עס זייַנענ נאָכ באַ הייַנטיקנ טאָג ניטאָ די נייטיקע באַדינגונגענ אַפ שאַפנ פיִאָנערישע אָטריאַדנ (עס איז, אַשטייגער, ניט מעגלעכ צו זיכערנ אַ קאָמיוגישע אָנפירונג), דאַרפנ באַ די פראָפאָרגאַניזאַציעס אונ פראָלעטאַרישע מאַסנ־אָרגאַניזאַציעס געשאַפנ ווערנ פונ די ארבעטנדיקע קינדער גופע ספּעציִעלע קינדער־סעקציעס אָדער אָפטיילונגענ אַפ אַרייַנציִענ די קינדער אינעמ קלאַסנ־קאַמפ.

דער אינהאַלט פונ דער ארבעט פונ די פיִאָנערישע אָטריאַדנ פונ ארבעטנדיקע קינדער אונ קינדער־סעקציעס באַשטייט דעריקער אינ פאָלגנדיקנ:

1. באַטייליקונג פונ די קינדער אינ אַלע עקאָנאָמישע שלאַכטנ אונ אַרויסטרעטונגענ פונ די דערוואַקסענע ארבעטער אונ ארבעטער־יוגנט, סאָלידאַריטעט־שטרייַקנ אינ די שולנ מיט די שטרייַקנדיקע ארבעטער, באַטייליקונג פונ די קינדער אינ די פּיקעטנ, פאַרבינדונג־דינסט באַ די שטרייַק־קאָמיטעטנ, באַטייליקונג אינ די הונגער־מאַרשנ, פראָפּאַגאַנדירנ די פאָדערונגענ פונ די שטרייַקנדיקע ארבעטער דורכ די פיִאָנערישע אַגיטגרופּעס, קאַמפ קעגנ שטרייַקברעכערייַ, פאַרשפּרייטנ ליטעראַטור, מיטהעלפנ דער אינטערנאַציִאָנאַלער ארבעטער־הילפ באַמ אָרגאַניזירנ דערנערונג פאַר די שטרייַקער אונ זייערע קינדער אונ אייַנשטעלנ אַנ ענגנ קאָנטאַקט מיט דער אָנפירונג פונ דער באַוועגונג פונ די ארבעטלאָזיקע.

2. אויסאַרבעטנ אונ אַרויסשטעלנ קאָנקרעטע פאָדערונגענ פונ די ארבעטנדיקע קינדער סייַ אינ די אַלגעמיינע פאָדערונגענ פונ די דערוואַקסענע אונ סייַ אינ ספּעציִעלע קינדערשע פאָדערונגענ.

3. אָרגאַניזירנ זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונגענ פונ ארבעטנדיקע קינדער (מאַסנ־פאַרזאַמלונגענ, מיטינגענ, קאָנפערענצנ, שטרייַקנ, דעמאָנסטראַציעס א.א.וו.) מיט קאָנקרעטע לאָזונגענ פונ פאָליטישנ אונ עקאָנאָמישנ קאַמפ.

4. באַטייליקנ זיכ אינ די מאַסמיטלענ פונ דער פאַרטיי, פונעמ קאָמיוג אונ פונ די רויטע פראָפאַרייַנענ (ווערבירנ נייַע מיטגלידער אינ די רויטע פראָפאַרייַנענ, אַגיטאַציע־ארבעט אינ צוזאַמענהאַנג מיט די וואַלנ פונ די זאַווקאָמענ, אַרויסטרעטנ

אפ דעלעגאטן־קאָנפערענצן, זאמלען די פאָדערונגען און פאָרשלאגן פון די ארבע־טער, זאמלונגען אפ שטיצן די ארבעטלאָזיקע, אָרגאניזירן ארויסטרעטונגען און פּאָליטישע קאמפּאניעס).

5. דערציִערישע ארבעט: פּאָליטישע שמועסן, פאָרלעזונגען, פארשפּרייטן די רעוואָליוציאָנערע פּרעסע פאר דערוואקסענע און קינדער, ארויסגעבן קינדער־צײַטונגען, באטייליקן זיך אין דעמאָנסטראציעס, ספּאָרט, עקסקורסיעס, קולטבילדונג־ארבעט און אנטירעליגיעזע ארבעט.

6. אינטערנאציאָנאלע דערציִונג, פּראָפּאגאנדירן די דערפאָלגן פונעם פּיִנפּיאָר, פארטיידיקן פ.ס.ס.ר., אײַנשטעלן א פארבינדונג מיט די פּיאָנערן פון פ.ס.ס.ר. און פון אנדערע לענדער און שטעט, קאמף קעגן שאָוויניזם און נאציאָנאלן אנטאגאָניזם.

פארייניקנדיק די קינדער אפ דער באזע פון פארטיידיקן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן, מוז מען זײ ארײַנציִען אינעם אלגעמיינעם קלאסן־קאמף פונעם פּראָלע־טאריאט. דיסקאָנטירנדיק דעם כאראקטער פון דער אָרגאניזאציע, דארף מען ברייט אויסנוצן די פארשיידענע לעבעדיקע מאסן־פאָרמען און מעטאָדן פון דער ארבעט, ניט באגרענעצנדיק די טעטיקײַט פון די פּיאָנערישע אָטריאדן, וועלכע באשטייען פון ארבעטנדיקע קינדער, און פון די קינדער־סעקציעס בלויז מיט די אויפגאבן פונעם עקאָנאָמישן קאמף.

די פּיאָנערישע אָטריאדן, וועלכע כאפּן ארום די ארבעטנדיקע קינדער, דארפן האלטן אן ענגע פארבינדונג מיט די אנדערע אָטריאדן פּיאָנערן בא די מאסן־אָרגא־ניזאציעס, בא דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־הילף, באם מאָפּר, בא די ספּאָרט־אָרגאניזאציעס און אויך מיט די רויטע פאָרפאָסטנס אין די שולן, און באטייליקן זיך אין די אלגעמיינע פּאָליטישע ארויסטרעטונגען פון דער גאנצער פּיאָנערישער אָרגא־ניזאציע. אין דערזעלבער צײַט דארף די גאנצע פּיאָנערישע אָרגאניזאציע, נאטירלעך, אונטערהאלטן מיט אלע מיטלען דעם עקאָנאָמישן קאמף און די שלאכט־ארויסטרע־טונגען פון די ארבעטנדיקע קינדער.

דאָס זײַנען די גרונט־שטריכן פון אָרגאניזירן דעם עקאָנאָמישן קאמף פון די פּראָלעטארישע קינדער אין די קאפּיטאליסטישע לענדער בא איצטיקן מאָמענט.

וואָסערע נײַע אָרדנטלעכע אויפגאבן שטעלן זיך פאר דער קאָמוניסטישער קינ־דער־באוועגונג בענעגייע די עקאָנאָמישע שלאכטן?

די־דאָזיקע נײַע אויפגאבן זײַנען פארפיקסירט אין די באשלוסן פונעם פארברייי־טערטן סעסיאבער־פּלענום פון דער אינטערנאציאָנאלער קינדער־ביוראָ פון קים, וועלכע האָט אָפּגעמערקט, אז

„די וויכטיקסטע אויפגאבע פון דער פּיאָנערישער אָרגאניזאציע איז פאר־טיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די קינדער און אָרגאניזירן די קינדער גופע אפ באטייליקן זיך אקטיוו אינעם עקאָנאָמישן קאמף פונעם ארבעטער־קלאס. אין צוזאמענהאנג מיט דעם דארפן די קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאניזא־ציעס פאנאנדערוויקלען אן אנטשפּרעכנדיקע ארבעט אפ מאָביליזירן די קינ־דערשע מאסן צו נעמען אן אָנטייל אין די פאָרשטייענדיקע עקאָנאָמישע שלאכטן פונעם פּראָלעטאריאט...“

דידאַקטישע רעזאָליוציע ווײַזט ריכטיק אָנ, אַז בלויז בײַ דער אַלגעמײנער פאַר־בעסערונג פונ דער לאַגע פונעמ ארבעטער־קלאַס קאָנ זיכ פארבעסערנ די לאַגע פונ די פראָלעטארישע קינדער.

אַפ דער באַזע פונ די אַלגעמײנע לאָזונגענ אונ פאָדערונגענ דארפנ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס צונויפשטעלנ זײערע אײגענע קאָנקרעטע טײלווײַזע פאָדערונגענ, וואָס האָבנ אַ לאָקאַלנ כאַראַקטער. דידאַקטישע פאָדערונגענ דארפנ אַנטשפּרעכנ די אינטע־רעסנ ניט נאָר פונ די ארבעטנדיקע קינדער, נאָר אויכ פונ די קינדער, וואָס זײַנענ געבליבנ אָנ ארבעט, פונ די קינדער פונ ארבעטלאָזע עלטערנ אונ פונ די מאַסנ שול־קינדער. דידאַקטישע פאָדערונגענ דארפנ באַהאַנדלט ווערנ דורכ די קינדער גופע אונ דורכ זײ ארויסגערוקט ווערנ אינ אַ ענגנ קאָנטאַקט מיט די רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פונעמ ארבעטער־קלאַס.

די קרײַז־ביוראָען פונ די פיִאָנערנ, די פיִאָנערישע אָטריאַדנ אונ גרופּנ אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דארפנ ברײט אויסנוצנ די פארשײדענע נײַע פאָרמענ פונ אָרגאַניזירנ די קינדער אינעמ עקאָנאָמישנ קאַמפּ:

„אָרגאַניזירנ גאָרקיכנ, וואַרעמע ווינטער־געבײַדעס, קלובנ פאַר די קינדער פונ די שטרײַקנדיקע, ארײַנציִענ די קינדער אינ קאַמפּ קעגנ שטרײַקברעכערײַ, שאַפנ שטרײַק־פּיקעטנ פונ קינדער, אָרגאַניזירנ סאָלידאַרישע ארויסטרעטונגענ אונ שטרײַקנ אינ די שולנ, העלפנ אינ דער ווערבירונג־ארבעט דער פּראָפּ־אָפּאָזיציע, די רויטע פּראָפּארײנענ אונ דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־הילפ, אײַנשטעלנ אַ קוריער־דינסט א.אַ.וו. דידאַקטישע אַלע מאָסמיטלענ וועט דער קאַמיוג דארפנ דורכפירנ אינ ענגער פארבינדונג מיט דער שטרײַק־אָנפירונג. דיסקאָנטירנדיק זײער כאַראַקטער אונ זײערע באַזונדערקײַטנ, דארפנ אַלע פיִאָנערישע אָרגאַניזאַציעס ארײַנגעצויגנ ווערנ אינ עקאָנאָמישנ קאַמפּ (צומ בײַשפּיל, די פיִאָנערנ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־הילפ אָרגאַניזירנ זאַמלונגענ פונ מיטלענ לטובֿת דעמ שטרײַקער־פאָנד, דעזשורעווענ אַפ די קיכנ, אונ די ספּאָרט־פיִאָנערנ פילנ אויס די פארבינדונג־דינסט) אונ ברײט ארומכאַפּנ מיט זײער ווירקונג סײַ די ניט־אָרגאַניזירטע קינדער אונ סײַ די קינדער פונ פײַנטלעכע אָרגאַניזאַציעס...“ (פונ דער רעזאָליוציע פונעמ פּרע־זידיומ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־ביוראָ פונ קימ).

די פּראַקטישע דורכפירונג פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאַמפּאַניע קעגנ נויט, הונגער, אָרעמקײַט אונ קעגנ דעמ עקספּלואַטירנ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועט דאַנ אָנ ספק האָבנ אַ שטאַרקע ווירקונג אַפ דער פאַנאַנדערוויקלונג פונעמ עקאָנאָמישנ קאַמפּ פונ די קינדער.

אָבער כוץ די אָנגעוויזענע אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָסמיטלענ האָט אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדײַטונג דאָס העכערנ דעמ אידײיִשנ ניוואָ אונ די קוואַליטעט פונ דער קאָמוניסטישער דערציִערישער ארבעט פונ דער פיִאָנערישער אָרגאַניזאַציע צווישנ די ברײטע מאַסנ קינדער. אינ די קינדער גופע דארפ מענ דערציִענ אַ באַוווסטזיניקע באַציִונג צו זײער קאָלעקטיוונ עקאָנאָמישנ קאַמפּ. די פּאָליטיש־דערציִערישע ארבעט (שמועסנ, קינדער־פּרעסע, אַגיטגרופּעס, מאַסנ־אַגיטאַציע) דארפ זײַנ אָנגעזאַפּט מיט

לעבעדיקן מאַטעריאַל פון טאָגטעגלעכן קאַמף. בלויז אין דעם פאַל וועלן די קינדער דערפילן זייער קראַפט אוןווירקלעכע באַנעמען, פּאַרוואָס, אַשטייגער, האָט מען אין רעזולטאַט פון דערפאָלגרייכן שטרייק פון די רורער קינדער אין די שולן איבערגעלאָזן די אומזיסטע אָנבייסנס פאַר די אומפאַרמעגלעכע שול־קינדער.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט, וואַקסט אָנופהער די אַקטיוויקייט, דער פּאָליטישער באַוווסטזיין און די אַקשאָנעסדיקייט אין קאַמף פון די שול־קינדער פאַר זייערע רעכט.

מע דאַרף בלויז אָרגאַניזירן צווישן די שול־קינדער מעכטיקע אָרגאַנען פאַרן קאַמף פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע פאַר זייערע טאָגטעגלעכע פאָדערונגען.

ווער דאַרף אָנפירן מיט דעמדאָזיקן קאַמף?

עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמיוג און דער ק.פּ. (ווי דאָס איז געווען אינעם באַרימטן רורער שטרייק פון די שול־קינדער). אָבער אַף דעם דאַרף מען האָבן צוזאַמענגעשלאָסענע, גוט אָרגאַניזירטע רויטע שול־פאָרפאָסטנס—אָרגאַנען פונעם איינהייטלעכן פראָנט פון די רעוואָליוציאָנערע שול־קינדער, וווהין עס דאַרפן אַריינגיין פּיאָנערן, ניטאָרגאַניזירטע קינדער און קינדער פון פיינטלעכע אָרגאַניזאַציעס, לעמאָשל, סקאַוטן, „רויטע פאַלקן", „יונגע קאַטאָליקן" און אַנדערע קינדער, וואָס ווילן קעמפן פאַר די רעוואָליוציאָנערע פאָדערונגען פון די פּראָלעטאַרישע שול־קינדער.

די רויטע שול־פאָרפאָסטנס און די אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספאָרמירונג זייערע איז אַן ערנסטער פאָרבאַדינג פאַר אַ פאַרשטאַרקטן און דערפאָלגרייכן קאַמף פון די שול־קינדער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די שול־קינדער דאַרף זיין ענג איבערגעפלאָכטן אויך מיטן פּאָליטישן קאַמף—קעגן פאַשיזאַציע, מיליטאַריזאַציע, קלעריקאַליזאַציע פון שול און קעגן דער מענשעוויסטישער סאָציאַלער דעמאַגאָגיע.

די פּיאָנערישע פאַריינען פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דאַרפן מיט פאַרשטאַנד אויסנוצן אַלע קאָנפליקטן און שוועריקייטן, וואָס אַנטשטייען צווישן די אונטערנעמער און דער נאַטשאַלסטווע פון שול, קעדיי צו אַנטוויקלען אַן עקאָנאָמישע אַרבעט. דערביי דאַרף מען שטענדיק אָרגאַניזירן ווערבירונגען פון נייע מיטגלידער אין די פּיאָנערישע פאַריינען, האָבנדיק אין זינען, אַז די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציע שטאַרקט זיך, וואַקסט און פאַרהאַרטעוועט זיך בלויז אינעם קלאַסן־קאַמף.

קעמפן פאַר די קינדער־מאַסן, גרינטלעך איבערבויען די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציעס און שאַפן נייע, קעמפן פאַר דער ריינקייט פון די קאָמוניסטישע פּרינציפּן אין דער רעוואָליוציאָנערער דערציִונג־אַרבעט פון די פּיאָנערן, פאַרשטאַרקן די פּאַרטייִש־קאָמיוגישע אָנפירונג—אָט וואָס עס איז נייטיק פאַר דער דערפאָלגרייכער מאָביליזאַציע פון די פּראָלעטאַרישע קינדער אין די עקאָנאָמישע שלאַכטן פונעם פּראָלעטאַריאַט.

# לאָמיר אָרגאַניזירן א צווישנפעלקערלעכע קאמפאניע פון קאמף קעגן נויט, הונגער און עקספּלואטאציע פון די קינדער פון די ארבעטנדיקע אין די לענדער פון קאפּיטאל.

דער פארברייטערטער פּרעזידיום פון דער צווישנפעלקערלעכער קינדער־ביוראָ פון קים, וואָס איז פאָרגעקומען אין סעפּטיאבער 1931 יאָר אין צוזאמענהאנג מיט דער איצטיקער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סיטואציע, האָט אָנגענומען א ספּע־ציעלן באשלוס וועגן דעם, אז

„אַפ מאָביליזירן דעם פּראָלעטאריאט און די ארבעטנדיקע צום קאמף פארן פארבעסערן די לאגע פון די קינדער אין די קאפּיטאליסטישע און קאָלאָניאלע לענדער אָרגאַניזירט דער אויספּירקאָם פון קים קומענדיקן ווינטער א דויערנ־דיקע צווישנפעלקערלעכע קאַמפּאניע קעגן דער קינדערשער אָרעמקייט, הונגער, נויט און עקספּלואטאציע.

די אויפגאבן פון דער צווישנפעלקערלעכער קאמפאניע:

אָרגאַניזירן שלאכט־ארויסטרעטונגען פון קינדער און דערוואקסענע ארבעטנ־דיקע אַפ פארטיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די קינדער.

אָרגאַניזירן פּראָלעטארישע הילף (דורכ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־הילף) פאר די הונגעריקע און באדערפטיקע קינדער פון די ארבעטלאָזיקע (שפּייַז, באהייצונג, קליידער, געלט־מיטלען), אויפדעקן דעם עמעסן טאָכ פון דער פילאנטראָפּישער „הילף" פאר די קינדער מיצאד דער בורזשואזיע.

דעראָבערן די סאמע ברייטע מאסן קינדער אין די רייען פון די פּיאָנע־רישע פארבאנדן, פארשטארקן די פּיאָנערישע ארבעט און די קאָמוניסטישע ווירקונג צווישן די קינדער־מאסן, ארויסרוקנדיק דעם לאָזונג: „אַפ יעדן קאָמ־יוגיסט—איינ פּיאָנער"; בא יעדן ארבעט־קעמערל שאפן פּיאָנערישע אָטריאדן.

אויפדעקן די רעכילעס־קאמפאניע פון דער בורזשואזיע וועגן „צוואנג־ארבעט" פאר קינדער אין פ.ס.ס.ר. און דאָס מאסאָווע פּראָפּאגאנדירן די ווירקלעכע לעבנ־באדינגונגען פון די סאָוועטישע קינדער.

אינעם דורכפירן די צווישנפעלקערלעכע קאמפאניע דארפן זיכ באטייליקן אלע רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטארישע מאסנ-אָרגאניזאציעס און באזונדערס די רויטע פּראָפאריינען און רעוואָליוציאָנערע פּראָפּאָפּאָזיציעס; די קאָמוניסטישע פראקציעס אין די פארלאמענטן און אין די אָרטיקע זעלבסטפארוואלטונגען דארפן אריינטראָגן פּאָרשלאָגן וועגן אויסבעסערן די לאגע פון די קינדער־מאסן. מע מוז זיכ דערשלאָגן ארויסטרעטונגען פון דער רעוואָליוציאָנערער און סימפּאטיזירנדיקער אינטעליגענץ אין דערדאָזיקער קאמפאניע. צווישן די ארבעטלאָזיקע און די קאָמוניסטישע עלטערנ־ראטן און אַפ די פרויען־פאר־זאמלונגען דארפן ברייט באהאנדלט ווערן די מאָסמיטלען פון קאמף קעגן הונגער, נויט און עקספּלואטאציע פון קינדער. די גאנצע רעוואָליוציאָנערע

פּרעסע דאַרף זיך איינשליסן אין אַקטיוו אונטערצושטיצן די קאַמפּאַניע. די פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציעס דאַרפן בײַם דער קאַמפּאַניע פירן א ברייטע ווער־בירונג־אַרבעט, צונויפרופן מאַסן־קאָנפערענצן פון די קינדער גופא, צונויפ־שטעלן א פּראָגראַם פון קאָנקרעטע עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די קינדער און שיקן מיט די דאָזיקע פאָדערונגען קינדער־דעלעגאַציעס אין די פּאַרלאַ־מענטן, אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגען, רעפּאַרמיסטישע פּראָפאַרייִנען און שאַפן נײַע אָטריאַדן און שול־פּאָרפּאָסטן".

דער יאָר 1932 איז א שווערער יאָר פון דאַכקעס פאַר מיליאָנען אַרבעטנדיקע. די קאָמוניסטן דעקן אויף דעם טאָג און די סיבעס פון דער לאַגע פון די אַרבעטנ־דיקע צוליב דער ווײַטערדיקער פאַרשאַרפונג, פאַרטיפערונג און פאַרברייטערונג פונעם אַלוועלטלעכן עקאָנאָמישן קריזיס. אין דערזעלביקער צײַט באַווײַזן בלויז די קאָמו־ניסטן אַליין די מאַסן דעם איינציק־ריכטיקן רעוואָלוציאָנערן אויסגאַנג פונעם קריזיס.

די מאַסן פאַרשטייען, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין אויסוועג פון דער געשאַ־פענער לאַגע—אַן אַנטשיידנדיקער, אַקשאָנעסדיקער קלאַסן־קאַמף קעגן דער בור־זשואַזיע. די אַקטיווע אַרויסטרעטונגען סײַ פון די פּראָלעטאַרישע קינדער גופא און סײַ פון די דערוואַקסענע פּראָלעטאַריער, וואָס זײַנען ווי א כוואַליע דורכגעגאַנגען איבער דער גאַנצער וועלט אין סאָף 1931-טן יאָר, אין פאַרטיידיקן די קינדער, דערציילן בוילעט וועגן דעם, אַז וויפל די צווישנפעלקערלעכע קאַמפּאַניע פון קאַמף קעגן הונגער, נויט, אָרעמקייט און קינדערשער עקספּלואַטאַציע איז אַקטועל און צו־דערצײַט. אַלס אין איינעם פון די בײַשפּילן, וועלכע דערווײַזן די נויטווענדיקייט, רעכטצײַטיקייט און צוועקמעסיקייט פון אַזאַ קאַמפּאַניע, ווײַזן מיר אָן אין פאָלגנדיקן פאַקט.

אין נאָיאַבער 1931 יאָר האָבן די אַרבעטער אין קלעוולענד, פאַרייניקטע שטאַטן (שטאַט אָהײַאָ) אָרגאַניזירט א „קאַמף־ליגע פאַר ברויט פאַר די קינדער", וועלכע קעמפט פאַרן באַזאָרגן די שול־קינדער אין כעשבן פונעם מוניציפּאַליטעט. אין די פלוג־בלעטלעך, וואָס די ליגע האָט אַרויסגעלאָזן, ווערט אויסגעמאָלט א שוידערלעכ בילד פון דער לאַגע פון די פּראָלעטאַרישע קינדער, וועלכע איז שייַעך ניט נאָר צו קלעוולענד אַליין, נאָר אויך צום גאַנצן לאַנד. צוליב וואָס איז דאָס געשאַפן געוואָרן די קאַמף־ליגע?

עס זײַנען פאַררעגיסטרירט הונדערטער צופאַלן, ווען די קינדער קומען אין שול באָרוועסע און אָן אָן אויבער־בעגעד, ניט געקוקט אויפן האַרבסטיקן רעגן און קעלט. אין שול ענטפערן זיי אויף אַלע פראַגן פידרעך, מאַכמעס זיי זײַנען בלויז אימשטאַנד צו טראַכטן און ריידן וועגן עסן. און אַז מע פרעגט זיך בײַ זיי פאַנאַנדער, ווערט קלאָר, אַז אַסאַך פון די דאָזיקע קינדער הונגערן גאַנצע מעסלעסנווײַז.

אין אייניקע שולן ווערן די הונגעריקע קינדער דערקלערט פאַר „קרענקלעכע", און מע אָרדנט אײַן פאַר זיי א באַזונדער קלאַס אונטערן פרײַען הימל. אָבער דער־דאָזיקער מיטל העלפט זייער ווייניק, מאַכמעס בײַ אַלע מײַלעס פון פרישער לופט קאָן מען אָבער פאָרט מיט איינע לופט זאַט ניט ווערן. ערגעצוווּ אין די שולן איז, עמעס טאַקע, אָרגאַניזירט קינדער־דערנערונג, אָבער אויף דעם ווערט אָפּגעגעבן אַזוי

וויניק מיטלען, אז די רעזולטאטנ באקומען זיכ ניט קיינ פאָזיטיווע, נאָר, פארקערט נעגאטיווע: די אדמיניסטראציע פונ שול איז געצווונגען איינצוקויפנ פארבראקירטע פראָדוקטנ, אונ די קינדער עסנ זיכ אָנ מיט די איבערגעפירטע פראָדוקטנ אונ קרענקען.

די נייַ־געבילדעטע ליגע האָט בעדייע ברייט פאנאנדערצוּוויקלענ דעמ קאמפ פאר די הונגערנדיקע שול־קינדער. זי רופט צונויפ א ריי מיטינגענ, אפ וועלכע עס וועלנ ארויסטרעטנ די קינדער גופא אונ זייערע עלטערנ. עס ווערט אויכ פראָיעקטירט אייַנצואָרדענען דעמאָנסטראציעס פונ שול־קינדער.

די אלזייַטיקע, טיפ־דורכגעטראכטע אָרגאניזאציע פונעמ קאמפ פארנ פארבעסערנ די אומדערהערט־שווערע לאגע פונ די פראָלעטארישע קינדער ווערט, אגעוו, ארויסגערופנ דורכדעמ, וואָס די בור־



בילד 21. קינדער אפ א וועב־פאבריק אינ אינדאָ־כינע.



בילד 22. אינ א שטיינ־שלייַפעריי אינ טערקייַ.

זשואזיע, וועלכע איז אָנגעשראָקנ ניט אפ קאטאָוועס דורכ דער ראדיקאליזאציע פונ די קינדער־מאסנ, שטרעבט דורכ פילאנטראָפישע טויוועס אָפצוציִענ די קינדער פונעמ קלאסנ־קאמפ.

אָט, אשטייגער, רופט דער רוימישער פויפסט פיוס XI, דער אָרגאניזאטער פונ דעמ טרויעריק־באוווסטנ דורכגעפאלענעמ אנטיסאָוועטישנ קרייצ־צוג, די גלויביקע קאטאָליקנ צו ראטעווענ די „מאלאָכימשע נעשאָמעס פונ די קינדער", וועלכע קומענ אומ אונטער די גרויזאמע קלעפ פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס. אינעמ צענטראל־אָרגאנ פונעמ פויפסט—„אָ ב ס ע ר וו א ט אָ ר ע ר אָ מ א נ אָ" (רוימישער באאָבאכטער)—איז אינעמ נומער 231 פונ 4־טנ נאָיאבער 1931 יאָר פובליקירט געוואָרנ א נייַע פויפסטלעכע ענציקליקע (ד. ה. אנ אופרופ צו די גלויביקע) מיקויעכ א קרייצ־צוג קעגנ דער וועלטלעכער נויט, קעדיי צו ראטעווענ די קינדער. אינ דער ענציקליקע שרייַבט זיכ מיט א הויכנ קירכלעכנ סטיל, אז דער פויפסט וויל ראטעווענ די אונטערגייענדיקע פראָלעטארישע קינדער, וועלכע ער האָט באזונדערס ליב, וועגנ וועלכע ער

זאָרגט זיך זייער שטאַרק און וועמען עס וועט זײַן באַזונדערס שווער אין היינטיקן ווינטער. די צײַטונג פון דער דײַטשישער קלעריקאַלער צענטער־פּאַרטיי „גערמאַניאַ" האָט שוין דעם 11־טן אָקטיאַבער 1931 יאָר אָפּגעדרוקט אַ ספּע־ציעלן אַרטיקל, וועלכער דערקלערט מיט געדולדיקייט די גלויביקע דעם זין פון דעם פויפּסטלעכן אויפרוף. אין דעדדאָזיקער אָריגינעלער דערקלערונג איז צווישן אַנדערע אָנגעוויזן, אַז דער פּויפּסט רופט די גאַנצע קריסטלעכע וועלט צו אַ „קרייצ־צוג פון ליבע און הילף פאַר די קינדער". אין דערזעלביקער צײַט פאָדערט די צײַטונג „גערמאַניאַ", אַז עס זאָל פאַרבאָטן ווערן די דײַטשישע פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קעמפט אַף אַן עמעס פאַרן פאַרבעסערן דעם לעבן פון די קינדער פון די אַרבעטנדיקע.



בילד 23. קינדער אין עלטער פון 7—10 יאָר באַ דער אַרבעט אין אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

פאַרוואָס האָט דער הייליקער שטעלפאַרטרעטער פון קריסטוסן פריִער אַזוי העלדיש געשוויגן, און איצט פלוצלינג גענומען מיט אַזאַ אימפּעט אַנטוויקלען אַן אַגיטאַציע אַף ראַטעווען די „אומשולדיקע מאַלאָכימשע נעשאָמעס"? האָבן דען פריִער די קינדער ניט אַריבערגעטראָגן קיין דרוק, עקספּלואַטאַציע און אומגעווייִנלעכע פּײַן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם? פלעגן דען די פּראָלעטאַרישע קינדער פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער שטענדיק עסן צו זאַט, זיך גוט אָנטאָן, ניט אויסגייִן פון דער אויסצערנדיקער אַרבעט, וואָס איז איבער זייערע קויכעס, און גייִן אין שול אַרײַן געזונטע און גליקלעכע?

פאַרשטייט זיך, אַז ניט!

מיט זײַן בריוו פילט אויס דער פּויפּסט, דערדאָזיקער באַרימטער און באַטרי־גערישער אַגיטפּראָפּ פונעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, בלויז די אָרדנטלעכע סאָציִאַלע באַ־שטעלונג פון דער בורזשואַזיע. די פויפּסטלעכע ענציקליקע—דאָס איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער, טײַער קאָסטנדיקער רופאָר פון דער

גרויס־בורזשואזיע. די ראדיקאליזאציע פונ די קינדער גייט מיט שטורמישע טעמפנ. די בורזשואזיע האָט מורע, זי זאָל ניט אָנווערנ די אָנפירנדיקע אידעאָלאָגישע ווירקונג אפ די מיליאָנענ קינדער פונ די ארבעטנדיקע. אָט פארוואָס עס איז נייטיק געווענ צוויַעסדיק צו באווײַזנ זייער פילבארע, עמעסדיק „פאָטערלעכע", צערטלעכ־זאָרגעוודיקע באציִונג צו די אָרעמע קינדערלעכ, קעדיי בעסער זיי אריַינצונארנ אונ אָפצוווענדנ פונעם קלאסנ־קאמפ. אָט דאָס איז די עמעסע סיבע, ניט די ווערטער פונ דער ענציקליקע פונעם הויכהייליקנ פאסטעכ. דורכ נישטיקע פילאנטראָפישע בעדאָוועס וויל די בורזשואזיע זיכ באצײַטנס אויסקויפנ פונ די צאָרנדיקע ארויס־טרעטונגענ פונ די פראָלעטארישע קינדער. א נעבעכדיקער פרווו! אָבער אינ די הענט פונ אזא מינ אָרעאָל פונ דעמ קריסטנטום, פונ אזא מינ אווטאָריטעט, ווי דער פויפסט, קאָנ דערדאָזיקער פרווו, אנ אלטער, ווי די וועלט, זייער גוט אויס־גענוצט ווערנ אונ קאָנ ווערנ א שטארקער מיטל פונ אגיטאציע קעגנ אונדז. דעריבער מוז מענ ברייט אופקלערנ דעמ קלאסנ־אינהאלט פונעמ נײַעמ קרייצ־צוג, וואָס דער פויפסט פיוס דער XI האָט אָנגעהויבנ. ניט „ראטעווענ" דארפ מענ די פראָלעטארישע קינדער, נאָר שאפנ אנ אייניהײַטלעכנ פראָלעטארישנ פראָנט אפ פאר־טיידיקנ די קינדער אונ אָרגאניזירנ צומ קאמפ די קינדער גופע.

אינ דײַטשלאנד, טשעכאָ־סלאָוואקיע, פראנקרײַכ, פאראייניקטע שטאטנ, ענגלאנד, בעלגיע, דענעמארק, עסטרײַכ, גריכנלאנד אונ אנדערע לענדער האָט זיכ שוינ אָנגע־הויבנ א מאסאָווע רעוואָליוציאָנערע קאמפאניע קעגנ קינדערשער נויט, הונגער, דאכקעס אונ עקספלואטאציע. באזונדערס וויכטיק איז דידאָזיקע קאמפאניע (ווי אויכ יעדער אנדערע רעוואָליוציאָנערע ארבעט) דורכצופירנ אפ דער באזע פונ די פאָלי־טישע אונ אָרגאניזאציאָנעלע אופגאבנ, וואָס זײַנענ קלאָר אונ דײַטלעכ פאָרמולירט געוואָרנ דורכנ אויספירקאָמ פונ קימ.

אפנ פאָריקנ קאָנגרעס פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־הילפ אינ דײַטש־לאנד איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ א ספעציעלער מאניפעסט—א ווענדונג צו אלע אָרגאניזאציעס פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־הילפ אונ צו אלע ארבעטנ־דיקע מיטנ אופרופ ברייט דורכצופירנ די קאמפאניע. פאקטיש האָט זיכ אינ דײַטש־לאנד דידאָזיקע קאמפאניע שוינ אָנגעהויבנ אינ נאָיאבער מיטנ עקאָנאָמישנ שטרײַק פונ די שול־קינדער פונ 25 פאָלק־שולנ אינ בערלינ.

אינ פראנקרײַכ זײַנענ ארויסגעגעבנ געוואָרנ ספעציעלע אופרופנ צו די ארבע־טער־קינדער אונ ארבעטלאָזיקע, עס זײַנענ אויסגעארבעט געוואָרנ טיילווײַזע פאָדע־רונגענ, אונ אינ נאָיאבער 1931 יאָר זײַנענ שוינ פאָרגעקומענ עטלעכע קאָנפערענצנ פונ פאָרשטייער פונ דער פראנצויזישער ק.פ. אונ קאָמיוג, פונ די פיאָנערישע אָר־גאניזאציעס, רויטע פראָפארייִנענ אונ רעוואָליוציאָנערע ספאָרט־אָרגאניזאציעס, געווידמעט דערדאָזיקער קאמפאניע.

די צײַטונג „ה ו מ א נ י ט ע" וויקלט פאנאנדער א פראָפאגאנדע פונ די אופגאבנ פונ דערדאָזיקער קאמפאניע אונ אָרגאניזירט אירע לעזער אפ אנ אקטיווע אָנטייל אינ דער קאמפאניע.

אינ טשעכאָ־סלאָוואקיע נוצט די קאָמוניסטישע פרעסע גוט אויס דעמ אָרטיקנ פאקטישנ מאטעריאל וועגנ דער לאגע פונ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע אינ לאנד

און פירט דערפאָלגרײַכ אנ אגיטאציע פאר דער קאמפאניע. אלע קאָמוניסטישע צײַטונגען האָבנ זיכ שוינ אײַנגעשלאָסנ אינ דער קאמפאניע. אנטשפּרעכנדיקע אגיטאציע־מאטעריאלנ קאָנ מענ זענ אינעמ צענטראל־אָרגאנ פונ דער פארטיי „ר ו ד ע פ ר א װ אָ“, אינ „פ אָ ר װ ע ר ט ס“ און אינ אָרטיקע קרײַזישע צײַטונגען.

אפ אזא אופנ װיקלט זיכ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער שוינ פאנאנדער די קאמפאניע פונ קאמפ פארנ פראָלעטארישנ קינד. דער הונגעריקער יאָנטעװ פונ װײַנאכט 1931 יאָר האָט אָנ סאָפעק געדינט פאר אנ אויסגאנג־פונקט פאר דער מאסנ־מאָביליזאציע פונ די קינדער און דערװאקסענע ארבעטנדיקע אפ דורכפירנ דידאָזיקע קאמפאניע און געגעבנ א מעגלעכקײַט צו געבנ אנ אנטשיידנדיקנ קער אינ דער טעטיקײַט פונ די פּיאָנערישע אָרגאניזאציעס אינ פארװירקלעכנ דעמ לאָזונג „קאמפ פאר די קינדער־מאסנ און שאפנ א מעכטיקע אײַנהײַטלעכע קאָמוניסטישע באװעגונג אינ אלע לענדער פונ דער קאפּיטאליסטישער װעלט“.

די דורכפירונג פונ דער קאמפאניע קעגנ נויט, הונגער, דאכקעס און עקספּלואטאציע פונ די קינדער פונ די ארבעטנדיקע אינ די קאפּיטאליסטישע, קאָלאָניאלע און האלב־קאָלאָניאלע לענדער באטײַט לאכלוטנ ניט, אז די סאָװעטישע פּיאָנערנ, שול־קינדער און די ברייטע פראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט קאָנענ שפּילנ א ראָלע בלויז פונ פאסיװע, זײַטיקע באָבאכטער.

פארקערט, טאקע דערפאר, װאָס די סאָװעטישע פּיאָנערישע אָרגאניזאציע איז די װירקלעכע אָנפירערנ פונ פרײַע קינדער אינ א פרײַענ לאנד, פונ קינדער, װאָס האָבנ אלײנ קײנמאָל ניט געלעבט אונטערנ דרוק פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ—טאקע דעריבער שטייט פאר דער פינפמיליאָניקער ארמיי פונ די סאָװעטישע פּיאָנערנ און פאר די מיליאָנענ שול־קינדער א ריי באזונדערע אופגאבנ און פליכטנ װעגנ אָנטייל אינ דערדאָזיקער קאמפאניע.

די גרונט־אופגאבנ פונ דער סאָװעטישער פּיאָנערישער אָרגאניזאציע אינעמ דורכפירנ די צװישנפעלקערלעכע קאמפאניע פונ פארטיידיקנ די קינדער פונ דער קאפּיטאליסטישער אונטערדריקונג דארפנ זײַנ, לויטנ באשלוס פונ דער צ.ב. ד.ק.אָ. באמ צ.ק. פונ אלפארבאנדישנ לענינישנ קאָמיוג:

ע ר ש ט נ ס, אָרגאניזירנ א קאמפאניע פונ סאָלידארישקײַט פונ די קינדער אינעמ לאנד פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט מיט די קעמפנדיקע קינדער פונ די ארבעטנדיקע אינ דער גאנצער װעלט. דאָס באטײַט, אז די קינדער פונעמ סאָװעטנלאנד דארפנ אקטיװ רעאגירנ אפ דער אומגעהויער שװערער לאגע פונ די מאסנ קינדער אינ די קאפּיטאליסטישע און קאָלאָניאלע לענדער, אלזײַטיק באקענענ מיטנ לעבנ און מיטנ קאמפ פונ די קינדער אפ יענער זײַט גרענעצ אלע פּיאָנערישע אָטריאדנ, שולנ, קינדער־אנשטאלטנ און די פראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט פונ די דערװאקסענע.

די סאָװעטישע קינדער דארפנ באװוסטזיניק קלאָר מאכנ זיכ, פארװאָס די סיסטעמ פונעמ פוילנדיקנ קאפּיטאליזמ ברענגט די קינדער הונגער, עקספּלואטאציע, קראנקײַטנ און אומקומ, און פארװאָס בלויז די סאָציאליסטישע סיסטעמ איז בעקויעכ זיי צו געבנ די אלע באדינגונגענ, װעלכע זײַנענ נייטיק אפ אנטװיקלענ און דערציִענ גליקלעכע און פרײַע בירגער, צוקונפטיקע באלעבאטימ פונ דער גאנצער װעלט.

עס טאָר ניט זײַן קיין איינציקער סאָוועטישער פּיאָנער, וואָס זאָל ניט וויסן, ווי עס לעבן און קעמפן אין די באַדינגונגען פון עם אַלוועלטלעכן עקאָנאָמישן קריזיס די קינדער פון די קאַפּיטאַליסטישע און קאָלאָניאַלע לענדער.

עס איז נאָך אָבער ווייניק בלויז צו וויסן וועגן דעמדאָזיקן קאַמף,—מע דאַרף פאַרשטיין וויאַזוי צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַסן נאָך ניטאָרגאַניזירטע שול־קינדער, קעדיי אַז דער קאַמף פון די דײַטשישע, אַמעריקאַנישע, כינעזישע און אַנדערע קינדער זאָל זײַן פאַר זיי אַן אייגענער, אַ נאָענטער און זאָל אַרויסרופן בא זיי אַ פאַרלאַנג אומבאַדינגט צו העלפן זייערע כאַווירים פון יענער זײַט גרענעץ.

פּראָטעסט־רעזאָליוציעס, בריוו, ווענדונגען, באַגריסונגען, וואָס ווערן אָנגענומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאַמפּאַניע, דאַרפן געשיקט ווערן אַף פּובליקירן אין דער אויסלענדישער קאָמוניסטישער פּרעסע. באַזונדערס וויכטיק איז צו אָרגאַניזירן פּראַקטישע הילף פאַר דער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער קינדער־באַוועגונג דורך דעם, וואָס אַלע פּיאָנערן זאָלן אַרײַנטראָגן דעם אָפּצאָל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פינפקאָפּיקענע אין פאָנד פון דער אַלוועלטלעכער פּיאָנעריע. די גאַנצע 100 פּראָצ. פּיאָנערן מוזן אַרײַנטראָגן די אינטערנאַציאָנאַלע פינפקאָפּיקענע. מע מוז דאָס מאַכן אַזוי, אַז יעדער פּיאָנער זאָל פאַרשטיין דעם זין פון זאַמלען די אינטערנאַציאָנאַלע פינפקאָפּיקענע, אַז די אָטריאַדן זאָלן זיך פאַרוועטן אַף אַ בעסערער הילף פאַר די פּיאָנערן פון יענער זײַט גרענעץ, אַז די גאַנצע פּיאָנערישע פּרעסע זאָל נעמען דאָס שעפטום איבערן שנעלסטן אויספילן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כויוו.

צווייטנס, ברייט פאַנאַנדערוויקלען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעט צווישן די קינדער, הייבנדיק מיט אַלע מיטלען די דערציִערישע קוואַליטעט פון דערדאָזיקער אַרבעט, אָרגאַניזירן געמיינזאַמע מאָסמיטלען פון די פּיאָנערן און שול־קינדער פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס וווינען אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד; פאַרשטאַרקן די שעפּ־אַרבעט איבער די שולן פון יענער זײַט גרענעץ. דערבײַ דאַרף מען זיך דערשלאָגן אַן אַנטשיידיקן קער אינעם אויסבעסערן די קוואַליטעט פון די בריוו, וואָס ווערן געשיקט קיין אויסלאַנד. מע טאָר ניט שאַלעם מאַכן מיט אַזאַ צושטאַנד, ווען די פּיאָנערן סטאַרען זיך שרײַבן „פון אַלץ צו ביסלעך", און אין רעזולטאַט באַקומט זיך אַ רעשימע פון לאָזונגען, וועלכע זײַנען נאָך אָפּטמאָל פאַרקריפּלט און לאַכלוטן אומפאַרשטענדלעך פאַר די אויסלענדישע קינדער. אין זייערע בריוו דאַרפן די פּיאָנערן פאַרשטענדלעך און מער אויספירלעך באַשרײַבן איינצלנע קאָנקרעטע פאַקטן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, די אַרבעט פון דער פּיאָנערישער אָרגאַניזאַציע, פון דער שול, די לאַגע פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס א.א.וו. כוץ בריוו, דאַרף מען אומבאַדינגט שיקן פאָטאָגראַפיעס, ביכער, זשורנאַלן, וואַנטצײַטונגען, געמעלן פון די קינדער גופע, צייכנס א. א. וו. עס וואָלט געווען אַבסאָליוט ניט ריכטיק, ווען מע זאָל באַגרענעצן די אַרבעט פון פאַרשטאַרקן די אינטערנאַציאָנאַלע דערציִונג בלויז מיטן דורכשרײַבן זיך און מיט איינצלנע מאָסמיטלען.

די קאַמפּאַניע דאַרף העלפן שאַפן קינדער־ליטעראַטור, קינאָ־פילמען, לידער, קינדער־פּיעסעס אַף אינטערנאַציאָנאַלע טעמעס. די קאַמפּאַניע דאַרף אָרגאַניזירן די פּיאָנערן און שול־קינדער אַף אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף סײַ קעגן די דערשײַנונגען פונעם גרויס־מעלוכישן שאָוויניזם און סײַ קעגן אָרטיקן נאַציאָנאַליזם.

ד ר י ט נ ס, לייגנ ארופ די אלגעמיינע אופגאבנ פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאמפאניע אפ די סאָוועטישע פיאָנערנ וויכטיקע פליכטנ: נאָכ בעסער אונ אנטשיידנדיקער פארוויקלעכנ די באשלוסנ פונ IX צוזאמענפאָר פונ אלפארבאנדישנ לענינישנ קאָמיוג, נאָכ אקטיווער שלאָגנ זיכ פאר רעאליזירנ די באשטימונגענ פונעמ צ. ק. אל.ק.פ.(ב) וועגנ דער שול, פאר דער ווײַטערדיקער פארפעסטיקונג פונ דער פיאָנערישער אָרגאניזאציע אונ פארנ פארבעסערנ די קוואליטעט פונ איר דערציערישער ארבעט.

זעלבסטפארשטענדלעכ, אז דאָס זײַנענ בלויז די גרונט־אופגאבנ פונ דער קאמפאניע. די פאנאנדערוויקלונג פונ דערדאָזיקער קאמפאניע סײַ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער אונ סײַ אינ פ. ס. ס. ר. וועט אומפארמײַדלעכ שטעלנ נאָכ א ריי נײַע זייער ערנסטע אופגאבנ.

מיט דער הילפ פונ די קאָמוניסטישע פארטייענ אונ קאָמיוג אונ דער אונטערשטיצונג פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט מוזנ זיי מיט דערפאָלג פארווירקלעכט ווערנ.

די צווישנפעלקערלעכע קאמפאניע קעגנ אָרעמקײַט, הונגער אונ עקספלואטאציע פונ די קינדער אויסער די גרענעצנ פונעמ סאָוועטנ־לאנד, אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, מוז דורכגעפירט ווערנ מיט דערפאָלג אונ אפ א שלאכט־אויפנ, מאכמעס „קיינ שומ הענקערס, געריכטנ אונ טליעס זײַנענ ניט בעקויעכ צו דערשטיקנ אונדזער רופ. אונדזער טעטיקײַט אונ אונדזערע קאָרבאָנעס וועלנ צווינגענ די הענקערס אונ אָפלאכער אנטשוויגנ צו ווערנ” (פונ דער פראָגראמ פונ קימ).

# אָנשטאָט א שלוס

אונדזער בראָשור האָט דעמ צוועק צו געבנ א געוויסע פאָרשטעלונג דעמ לעזער, דעריקער דעמ פיאָנערישנ טוער אונ פעדאגאָג [1]) וועגנ דער קאטאסטראָפאלער לאגע פונ די ברייטסטע מאסנ קינדער אינ דער וועלט פונעמ פוילנדיקנ קאפיטאליזמ, אינ דער וועלט פונ דער בורזשואזער קולטור, וואָס האלט זיכ אינ צעלייגנ, אונ באווײַזנ, אז דער אייציק־מעגלעכער וועג אפ גרינטלעכ אויסצובעסערנ די לאגע פונ די מיליאָנענ פראָלעטאריער, ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע פעלקער איז—אנ אנטשיידנדיקער קאמפ פארנ רעוואָליוציאָנערנ אויסגאנג פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס.

פאר די 15 יאָר עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנמאכט זײַנענ אינ פ. ס. ס. ר. דערגרייכט געוואָרנ קאָלאָסאלע דערפאָלגנ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג—מיט ניט געזעענע טעמפנ וואקסט א מעכטיקע אינדוסטריע, דאָס ארבעטנדיקע פויערטומ האָט

---

[1]) מיר האָפנ, אז א באדײַטנדיקנ פאקטישנ מאטעריאל, וואָס איז געגעבנ אינ דערדאָזיקער בראָשור, וועלנ דער וואָזשאטער פונ די פיאָנערנ אונ דער פעדאגאָג קאָנענ אויסנוצנ אינ זייער ארבעט בא דער אינטערנאציאָנאלער דערציִונג פונ די פיאָנערנ אונ שול־קינדער אונ באמ דורכפירנ פראקטיש אינ פ.ס.ס.ר. די קאמפאניע פונ ברידערלעכער סאָלידארישקײַט מיט די קעמפנדיקע קינדער פונ די קאפיטאליסטישע לענדער. —א. ס.

זיכ אפ אנ אנטשיידנדיקנ אויפנ געשטעלט אפנ וועג פונ קאָלעקטיוויזאַציע, אונ אפ דערדאָזיקער באַזע ווערט דאָס באַלעגופנטום ליקווידירט ווי א קלאַס, ענדגילטיק איז געלייזט געוואָרנ די לעניניסטישע פראגע „ווער וועמענ". עס איז פארענדיקט דער פונדאמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק, אונ אפ דערדאָזיקער באַזע וואַקסט אומופהערלעכ דער וווילשטאנד פונעמ ארבעטער־קלאס אונ פונ די מאסנ ארבעטנדיקע אוג, בעמיילע, אויכ פונ זייערע קינדער. אונטער דער אויסגעפרוווטער אָנפירונג פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס, פונ איר לענינישנ צ. ק. מיטנ כאַווער סטאַלינ אינ דער שפיצ פארענדיקט דאָס לאנד זיגרײַכ דעמ ערשטנ פינפיאָר אונ מערקט אָנ די העכסט גראנדיעזע אופגאבנ פונעמ צווייטנ פינפיאָר, ווענ אינ פ. ס. ס. ר. וועלנ ענדגילטיק ליקווידירט ווערנ די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטנ אונ קלאסנ ביכלאל אונ די סיבעס, וועלכע באשאפנ א קלאסנ־געזעלשאפט.

אינ דער קאפּיטאַליסטישער וועלט איז אנ אלגעמיינער מוירעדיקער קריזיס. פונ דער געוועזענער צײַטווײַליקער סטאַביליזאַציע איז קיינ זייכער ניט געבליבנ. אינ פ. ס. ס. ר., דעמ איינציקנ לאנד — זײַנענ פאראנ ניט געזעענע דערפּאָלגנ פונ די באָלשעוויסטישע טעמפּנ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, אנ אופבלי פונ דער קולטור.

די פרײַע קינדער פונ סאָוועטנ־לאנד ווייסנ ניט פונ קיינ עקספּלואַטאַציע, פונ קיינ אונטערדריקונג אונ הונגער. די סאָוועטישע מעלוכע זאָרגט זיכ אויסערגעוויינלעכ וועגנ די קינדער — מיט דערפּאָלג ווערט געבויט די פּאָליטעכנישע שול, עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ אלגעמיינע בילדונג, עס איז אויסגעבויט געוואָרנ אונ עס בויענ זיכ אסאַכ אויסער־שוליקע קולטור־אופקלערערישע אנשטאַלטנ פאר קינדער, קאָלאָסאַל זײַנענ די דערגרייכונגענ אפנ געביט פונ פארהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער, עס איז געשאפנ געוואָרנ א רעוואָליוציאָנערע געזעצגעבונג, וועלכע היט אָפּ שטרענג אונ זאָרגזאַמ די רעכט פונ די קינדער, די רעכט פונ מוטערשאפט אונ אויפּעלעכ, עס איז ליקווידירט די פארוואָרלאָזטקײַט — די פינצטערע יערושע פונעמ קאפּיטאַליזמ. אונטער דער אָנפירונג פונעמ רויטפאָניקנ לענינישנ קאָמיוג ארבעט שוינ צענ יאָר די פינפמיליאָניקע ארמיי יונגע פּיאָנערנ, וועלכע באקומט א קאָמוניסטישע דערציִונג.

עס וואַקסט אונ פארהאַרטעוועט זיכ אינ קאמפּ א נײַער געזונטער דאָר בויער פונעמ סאָציאַליזמ. בלויז די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט זיכערט א פּאסיקע רעוואָליוציאָנערע דערציִונג אונ אנ אלזײַטיקע פּאָליטעכנישע בילדונג פונעמ אונטערוואַקסנדיקנ דאָר.

מענ זעט גאנצ בוילעט די אויסשליסלעכע מײַלעס פונ דער סאָוועטישער סיסטעמ פאר דער דערציִונג פונעמ אונטערוואַקסנדיקנ דאָר. דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאַריאַט אונ די ארבעטנדיקע פונ די קאפּיטאַליסטישע לענדער האָבנ א קלאָרנ בײַשפּיל פארנ קאמפּ פאר זייער באפרײַונג פונעמ קאפּיטאַליסטישנ יאָכ, פאר דער רעוואָליוציאָנערער דערציִונג פונ די קינדער.

# אינהאלט